ב. לענין (וו. אי. אוליאַנאָוו).

# וועגן קאָאָפּעראַציע.

---

פֿ אַ ר ל אַ ג
פֿון צענטראַלראַט פֿון די פּראָפֿאַריינען
אין ווייסרוסלאַנד.
מינסק 1926.

# פֿון פֿאַרלאַג.

די פֿראַגע וועגן דער קאָאָפּעראַציע, ווי איינע פֿון די גרונט־פֿראַגן פֿון אונזער ווירטשאַפֿטלעכער בויונג, האָט זייער אינטערעסירט דעם כ׳ לענין. ער האָט זיך ניט איינמאָל אומגעקערט צו איר און האָט זיך ראַק באַמיט צו דערקלערן די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסן, אַף וויפֿל ס׳איז וויכטיק ריכטיק צו לייזן דיזאָזיקע פֿראַגע.

אַ באַזונדער וויכטיקייט האָבן די פֿראַגן פֿון קאָאָפּעראַציע באַקומען אין די באַדינגונגען פֿון מעלוכע־קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַרן נעפּ. איינע פֿון די סאַמע לעצטע אַרטיקלען האָט אונדזער לערער און פֿירער געווידמעט דערדאָזיקער פֿראַגע.

איבערדרוקנדיק דאָ אַפֿן ערשטן אָרט דעמדאָזיקן אַרטיקל און אַן אויסצוג פֿון דער בראָשור „וועגן דערנערונג־שטייער“, ברענגען מיר אין אַ כראָנאָלאָגישן סיידער נאָך איניקע אויסצוגן פֿון כ׳ לענינס ווערק, אין וועלכע ער האָט באַריִרט די קאָאָפּעראַציע. אַזאַ מין סיידער וועט געבן דעם לייענער אַ מעגלעכקייט באַשיינפּערלעך זען, ווי ס׳האָט זיך געביטן די באַציִונג פֿון כ׳ לענין, און מיט דעם אויך די באַציִונג פֿון דער גאַנצער פּאַרטיי, צו דער קאָאָפּעראַציע אין צוזאַמענהאַנג מיט די ענדערונגען פֿון די קלאַסנקאַמף־באַדינגונגען.

אין 1902 יאָר האָט לענין געקוקט אַף דער אָרגאַניזירונג פֿון די פּויערישע אַרטעלן, ווי אַף אַ „בורזשואַזן שעקער“, ווייל די בורזשואַזיע און איר קליינבירגערלעכע נאָכלויפֿער האָבן דעמאָלט פֿאָרגעשטעלט די קאָאָפּעראַציע, ווי אַ מיטל צו אויסגעלייזט ווערן פֿון אָרעמקייט, און אַף אַזאַ אויפֿן געוואָלט אָפּציִען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון פּויערטום

פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן וועג אין פֿאַרבאַנד מיט דעם פּראָלעטאַריאַט. אין זײַן אַרטיקל „די קאָאָפּעראַציע און די אַרבעטער-באַוועגונג“, אָנגעשריבן אין 1910 יאָר, האָט לענין דײַטלעך באַשטימט דעם אָרט פֿון דער אַרבעטער-קאָאָפּעראַציע אין די באַדינגונגען פֿון קאַפּיטאַליזם, ווי אַ הילף-פֿאָרם פֿון צווייטער באַדײַטונג אין פּראָלעטאַרישן קלאַסן-קאַמף. נאָר שוין אין דעמדאָזיקן אַרטיקל, אין פּראָיעקט פֿון דער רעזאָלוציע פֿון דער רוסלענדישער ס.-ד. דעלעגאַציע אַפֿן קאָפּענהאַגענער צווישנפֿעלקערלעכן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס לייענען מיר: „די אויסבעסערונגען, וועלכע קאָנען דערגרייכט ווערן מיט דער הילף פֿון די געברויך-געזעלשאַפֿטן, קאָנען זײַן זייער ניט באַדײַטנדיק נאָר ביז דאַן, ביז וואַנען די פּראָדוקציע-מיטלען געפֿינען זיך אין די הענט פֿון דעם קלאַס, וועלכן מען מוז עקספּראָפּריאירן, קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם“.

אין 1917 יאָר האָט דער זיגרײַכער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט דורכגעפֿירט דידאָזיקע עקספּראָפּריאירונג פֿון די עקספּראָפּריאַטאָרן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בײַט זיך אינגאַנצן די ראָלע פֿון דער קאָאָפּעראַציע. אין די באַדינגונגען פֿון מיליטערישן קאָמוניזם ווערט די קאָאָפּעראַציע אַ נויטיקער באַשטאַנד-טייל פֿון אַפּאַראַט, וואָס טיילט פֿאַנאַנדער די פּראָדוקטן און פֿירט דעם „מאַסן-דיסקאָנט און קאָנטראָל פֿון דער פֿאַנאַנדערטיילונג“.

ווען ס׳ענדיקט זיך דער בירגער-קריג און מען גייט איבער צו דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, ווערט די קאָאָפּעראַציע נאָך מער אַרויסגערוקט אַפֿן ערשטן פּלאַן. באַטראַכטנדיק די איצטיקע פֿאָרם פֿון דער קאָאָפּעראַציע, ווי איינע פֿון די פֿאָרמען פֿון מעלוכישן קאַפּיטאַליזם, פֿירט איר אָפּ לענין אין זײַן אַרטיקל וועגן דער קאָאָפּעראַציע דעם ערשטן אָרט, ווי אַ מיטל צו פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכן די פּויערישע ווירטשאַפֿט „מיט אַ מער פּאָשעטן גרינגן און צוגענגלעכן פֿאַרן פּויער וועג“.

אף די לענינישע אַרטיקלען וועגן קאָאָפּעראַציע וועלן די אַרבעטער און פּויערים פֿון רוסלאַנד און אַנדערע לענדער לאַנג לערנען די רעוואָלוציאָנערע פּראַקטיק.

---

# וועגן קאָאָפּעראַציע.

באַ אונדז, דאַכֿט מיִר, שענקט מען ווייניִק אויפֿמערקזאַמקייט דער קאָאָפּעראַציע. ס'איִז אַ סאָפּעק, אויב אַלע פֿאַרשטייען, אַז איִצט, נאָך דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע און אומאָפּהענגיִק פֿון נעפּ (פֿאַרקערט, איִן דעם פּראַט דאַרף מען זאָגן טאַקי: אַדאַנק דעם נעפּ), באַקומט באַ אונדז די קאָאָפּעראַציע אַן אויסשליִסלעכֿע באַדייטונג. איִן די טרוימען פֿון די אַלטע קאָאָפּעראַטאָרן איִז פֿאַראַן אַסאַך פֿאַנטאַזיע. זיי זייַנען אָפֿט לעכֿערלעך מיִט זייער פֿאַנטאַסטיִשקייַט. נאָר איִן וואָס באַשטייט זייער פֿאַנטאַסטיִשקייט? איִן דעם, וואָס מענטשן פֿאַרשטייען ניִט דעם איִקער, די גרונט־באַטייַטונג פֿון פּאָליִטיִשן קאַמף, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס פֿיִרט אַף צו שטיִרצן די מעמשאָלע פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן. איִצט איִז שוין דאָס באַ אונדז פֿאָרגעקומען און איִצט ווערט שוין אַסאַך, וואָס ס'איִז געווען פֿאַנטאַסטיִש, אַפֿיִלע ראָמאַנטיִש, אַפֿיִלע פֿרעך איִן די טרוימען פֿון די אַלטע קאָאָפּעראַטאָרן, אַן עמעסדיִקע, ניִט קייַן צוגעפּוצטע וויִרקלעכֿקייַט.

באַ אונדז, וויִרקלעך, ווי באַלד די מעלוכֿע־מאַכֿט איִז איִן די הענט פֿון אַרבעטער־קלאַס, ווי באַלד איִן די הענט פֿון דערדאָזיִקער מאַכֿט געפֿיִנען זיִך אַלע פּראָדוקציע־מיִטלען — באַ אונדז איִז די אויפֿגאַבע בעעמעס געבליִבן נאָר צו קאָאָפּעריִרן די באַפֿעלקערונג. באַ דעם באַדיִנג, אַז די באַפֿעלקערונג זאָל אַף אַ מאַקסיִמאַלן אויפֿן קאָאָפּעריִרט ווערן, דערגרייַכֿט שוין בעמיילע דעם ציִל דער סאָציאַליִזם, וואָס האָט פֿריִער מיִט רעכֿט אַרויסגערופֿן אַ געלעכֿטער, אַ שמייַכֿל, אַ שפּאָטיִשע באַציִונג מיִצאַד מענטשן, וואָס זייַנען מיִט רעכֿט געווען איִבערצייגט איִן דער נויטיִקייַט פֿון קלאַסן־קאַמף, איִן קאַמף פֿאַר דער פּאָליִטישער מאַכֿט א.אַ.וו. און אַט גיִבן זיִך אַלע כֿאַווייִריִם אָפּ אַ דיִן־וואָכֿעשבן איִן דעם, וואָס פֿאַר אַ ריִזיקע באַדייטונג ס'באַקומט פֿאַר אונדז די קאָאָפּעריִרונג פֿון רוסלאַנד.

אין נעפּ האָבן מיר געגעבן אַ האַנאָכע דעם פּויער, ווי אַ הענדלער, דעם פּרינציפּ פֿון פּריוואַטן האַנדל. גראַד פֿון דעם דרינגט אַרויס, (פֿאַרקערט,ווי מען מיינט), די ריזיקע באַטײַטונג פֿון דער קאָאָפּעראַציע. אין טאָך גענומען, איז קאָאָפּערירן אין אַ פֿולער מאָס ברייט און טיף די גאַנצע באַפֿעלקערונג בא דער הערשאַפֿט פֿון נעפּ אַליין, וואָס מיר באַדאַרפֿן, ווייל איצט האָבן מיר געפֿונען יענע שטופֿע פֿון פֿאַרייניקן דעם פּריוואַטן אינטערעס, דעם פּריוואַטן האַנדל־אינטערעס, פֿון קאָנטראָלירן אים דורך דער מעלוכע, די שטופֿע פֿון מאַכן אים אונטערטעניק די אַלגעמיינע אינטערעסן, וואָס איז פֿריער געווען דער עוועך נעגעף פֿאַר אַסאַך, אַסאַך סאָציאַליסטן. אינדערעמעסן, די מאַכט פֿון דער מעלוכע אַף אַלע גרויסע פּראָדוקציע־מיטלען, די מאַכט פֿון דער מעלוכע אין די הענט פֿון פּראָלעטאַריאַט, דער פֿאַרבאַנד צווישן דעמדאָזיקן פּראָלעטאַריאַט מיט די פֿיל מיליאָנען קליינע און קלייניקע פּויערים, דאָס זיכערן די אָנפֿירונג פֿאַרן דאָזיקן פּראָלעטאַריאַט אין באַצוג צום פּויערטום א.אַ.וו. — איז עס דען ניט אַליץ, וואָס ס'איז נויטיק, אַז פֿון דער קאָאָפּעראַציע, פֿון דער קאָאָפּעראַציע אַליין, וועלכע מיר האָבן פֿריער טרעטירט, ווי אַ קרעמערישע, און וועלכע מיר האָבן אין געוויסן פּראַט רעכט צו טרעטירן אויך איצט באַם נעפּ, איז עס דען ניט אַליץ, וואָס ס'איז נויטיק אַף צו אויפֿבויען אַ פֿולשטענדיק סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט? דאָס איז נאָך ניט דער געבוי פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, נאָר דאָס איז אַליץ, וואָס ס'איז נויטיק און מען דאַרף פֿאַר אַזאַ געבוי.

און אָט די דאָזיקע לאַגע איז ניט דערשאַצט פֿון אַסאַך פּראַקטישע טוער אונדזערע. אַף דער קאָאָפּעראַציע קוקט מען בא אונדז מיט אַ ביטל, ניט פֿאַרשטייענדיק, וואָס פֿאַר אַן אויסשליסלעכע באַדייטונג ס'האָט די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע, ערשטנס, פֿון דער פּרינציפּיעלער זײַט (דער באַזייץ פֿון די פּראָדוקציע־מיטלען אין די הענט פֿון דער מעלוכע), צווייטנס, אין פּראַט פֿון איבערגייִן צו אַ נייער אָרדענונג מיט אַ וועג, וואָס זאָל זײַן ווי ווײַט מעגלעך גרינגער און צוגענגלעכער פֿאַרן פּויער.

און אין דעם איז דאָך ווידער די הויפּט־זאַך. איינס איז פֿאַנטאַזירן מיקוייעך אַלערליי אַרבעטער־פֿאַרייניקונגען אַף צו אויפֿבויען דעם

סאָציאַליזם, אַ צווייטע זאַך איז אויסלערנען זיך פּראַקטיש בויען דעם סאָציאַליזם, בויען אַזוי, אַז י ע ד ע ר קליין-פּויער זאָל זיך קאָנען באַטייליקן אין זײַן אויפֿבוי. די דאָזיקע שטופֿע האָבן מיר עס טאַקי איצטער דערגרייכט. און דאָס איז קיין צווייפֿל, אַז דערגרייכנדיק איר, באַנוצן מיר זיך מיט איר ווייער און ווייניק.

מיר האָבן איבערגעבויגן דעם שטעקן, איבערגייענדיק צום נעפּ, ניט אין דעם פּראַט, וואָס מיר האָבן צופֿיל אָרט אָפּגעגעבן דעם פּרינציפּ פֿון פֿרייען האַנדל, נאָר מיר האָבן איבערגעבויגן דעם שטעקן, איבערגייענדיק צום נעפּ, אין דעם פּראַט, וואָס מיר האָבן פֿאַרגעסן צו טראַכטן וועגן דער קאָאָפּעראַציע, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן פֿאַרגעסן די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פֿון דער קאָאָפּעראַציע אין די אויבנאָנגעוויזענע צוויי זייטן פֿון דערדאָזיקער באַדייטונג.

איך האָב בעדייע דורכשמועסן זיך איצט מיטן לייענער וועגן דעם, וואָס מ׳קאָן און מען דאַרף פּראַקטיש גלייך טאָן, אַרויסגייענדיק פֿון אָט דעם „קאָאָפּעראַטיוון" פּרינציפּ. מיט וועלכע מיטלען קאָן מען און מ׳דאַרף טייקעף אָנהויבן אַנטוויקלען אָט דעם קאָאָפּעראַטיוון פּרינציפּ, קעדיי יעדן איינציקן זאָל קלאָר ווערן זײַן סאָציאַליסטישע באַדייטונג. מ׳דאַרף פּאָליטיש אוועקשטעלן די קאָאָפּעראַציע אַזוי, אַז די קאָאָפּעראַציע זאָל ניט נאָר האָבן אין אַלגעמיין און אומעטום אַ באַשטימטע פּריווילעגיע, נאָר אַז די דאָזיקע פּריווילעגיע זאָל זײַן אַ ריין אייגנטום פּריווילעגיע (די גרויס פֿון באַנק-פּראָצענט א. א. וו.). מ׳דאַרף באָרגן דער קאָאָפּעראַציע אַזעלכע מעלוכע-מיטלען, וועלכע זאָל כאָטש אַף אַ ביסל זײַן העכער פֿון די מיטלען, וואָס מיר באָרגן די פּריוואַטע אונטערנעמונגען, אויסשליסלעך, ביז דער שווערער אינדוסטריע א. א. וו.

יעדער געזעלשאַפֿטלעכער סיידער אַנטשטייט נאָר מיט דער פֿינאַנסיעלער שטיצע פֿון אַ באַשטימטן קלאַס. ס׳איז ניטאָ, וואָס צו דערמאָנען וועגן די הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען רובל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער געבורט פֿון „פֿרייען" קאַפּיטאַליזם. איצט דאַרפֿן מיר אָנערקענען און פֿאַרווירקלעכן אין לעבן, אַז דער געזעלשאַפֿטלעכער סיידער, וועלכן מיר דאַרפֿן איצטער אונטערשטיצן אַף אַן אויסערגעוויינטלעכן אויפֿן, איז אַ קאָאָפּעראַטיווער סיידער. נאָר אונטערשטיצן אים דאַרף מען אין עמעסן זין פֿון וואָרט. ד. ה., אַז אונטער דערדאָזיקער

שטיִצע איז ניט גענוג צו פֿאַרשטיין די שטיִצע פֿון יעדן קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרקער, — אונטער דערדאָזיִקער שטיִצע דאַרף מען פֿאַרשטיין די שטיִצע פֿון אַזאַ קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרקער, א י ן וועלכן ס'נעמען ווירקלעך אַן אָנטייל די ע מ ע ס ד י ק ע מאַסן פֿ ו ן ד ע ר ב אַ פֿ ע ל ק ע ר ו נ ג. געבן אַ פּרעמיע דעם פּויער, וואָס נעמט אַן אָנטייל אין קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרקער, דאָס איז אַ פֿאָרמול אַ באַשטימט ריכטיקע, נאָר דערביי דאַרף מען קאָנטראָלירן זיין אנטייל זיין באַוווסטזיניקייט און אייכוס, — אָט אין וואָס ס'איז דער טשוואָק פֿון דער פֿראַגע. ווען אַ קאָאָפּעראַטאָר קומט אין דאָרף און עפֿנט דאָרטן אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם, נעמט, ערנסט גערעט, די באַפֿעלקערונג אין דעם קיין שום אָנטייל ניט. אין דערזעלבער צייט אָבער, האָבנדיק אין זינען דעם אייגענעם נוצן, וועט זי וואָס גיכער זען נעמען אין איר אַן אָנטייל.

דידאָזיקע זאַך האָט אויך אַ צווייטע זייט. מ'דאַרף טאָן נאָך זייער ווייניק פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ציוויליזירטע (פֿריער פֿון אַלץ באַלאיוורעדיקן) אייראָפּייער, קעדיי צו נויטן אַלעמען, בוכשטעבלעך אַלעמען, באַטייליקן זיך, און באַטייליקן זיך ניט פּאַסיוו, נאָר אַקטיוו אין די קאָאָפּעראַטיווע אָפּעראַציעס. אייגנטלעך, איז אונדז געבליבן „ נ אָ ר" איינס: מאַכן אונדזער באַפֿעלקערונג אַזוי „ציוויליזירט", אַז זי זאָל באַנעמען דעם גאַנצן נוצן פֿון אַלעמענס אָן אויסנאַם אָנטייל אין דער קאָאָפּעראַציע און אַז זי זאָל איינאָרדענען דעמדאָזיקן אָנטייל. „נ אָ ר" דאָס. קיינע אנדערע כאָכמעס זיינען אונדז ניט נויטיק אַף איבערצוגיין צום סאָציאַליזם. נאָר קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן אָט דעמדאָזיקן „נאָר", דאַרף מען האָבן אַ גאַנצע איבערקערעניש, אַ גאַנצע טקופֿע פֿון קולטורעלער אַנטוויקלונג פֿון דער גאַנצער פֿאָלקמאַסע. דעריבער דאַרף אונדזער קלאַל זיין, וואָס ווייניקער כאָכמעס, וואָס ווייניקער קאָפּדרייעניש. נעפּ אין דעם פּראַט שטעלט מיט זיך פֿאָר אין דעם זין אַ פּראָגרעס, וואָס ער פּאַסט זיך צו צו דער שטופֿע פֿון סאַמען געוויינטלעכן פּויער, וואָס ער פֿאָדערט פֿון אים קיין העכערס ניט. נאָר קעדיי צו דערגרייכן דורכן נעפּ, אז אין דער קאָאָפּעראַציע זאָל זיך באַטייליקן די גאַנצע באַפֿעלקערונג — אָט אַף דעריין פֿאָדערט זיך אַ גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע. מיר קאָנען אין בעסטן פֿאַל דורכמאַכן דידאָזיקע עפּאָ-

בֿע אין איין־צוויי צענדליק יאָר. נאָר פֿונדעסטוועגן וועט עס זײַן אַ באַ־זונדערע היסטאָרישע עפּאָכע, און אָן דערדאָזיקער היסטאָרישער עפּאָ־כע, אָן דער אַלגעמיינער בילדונג, אָן אַ ניט גענוגנדיקער מאָס פֿון זאַכלעכקייט, אָן דעם, אַז די באַפֿעלקערונג זאָל אין אַ גענוגנדיקער מאָס זיך צוגעוווינען צו באַנוצן זיך מיטן ביכל און אָן דער מאַטעריעלער באַזע פֿון דעם — אָן אַ געוויסער פֿאַרזיכערונג פֿון אַן אומגערעטעניש, פֿון אַ הונגער א. א. וו., — וועלן מיר אונדזער ציל ניט דערגרייכן. די גאַנצע זאַך באַשטייט איצט אין דעם, אַז מע זאָל קאָנען פֿאַרייניקן דעם רעוואָלוציאָנערן פֿאַרנעם, דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, וועלכן מיר האָבן שוין אַרויסגעוויזן, און מיט גרויס דערפֿאָלג, אַרויסגעוויזן אין אַ פֿולער מאָס, קאָנען פֿאַרייניקן אים (דאָ בין איך גרייט צו זאָגן) מיט דער פֿעיקייט צו זיין אַ זאַכלעכער און אַ געבילדעטער הענדלער, וואָס ס'איז אַציִנד גאַנץ גענוג פֿאַר אַ גוטן קאָאָפּעראַטאָר. אונטערן באַגריף זײַן אַ הענדלער מיין איך זײַן אַ קולטורעלער הענדלער. דאָס זאָלן נעמען גוט אין זינען די רוסישע לײַט, אָדער פּאָשעטע פּויערים, וואָס מײַנען: ווי באַלד ער האַנדלט, הייסט עס, אַז ער קאָן זײַן אַ הענדלער. דאָס איז דורכויס ניט ריכטיק. ער האַנדלט נאָר, פֿון דעם ביז דער פֿעי־קײַט צו זײַן אַ קולטורעלער הענדלער איז נאָר זייער ווײַט. ער האַנדלט איצט אַף אַן אזיאַטישן שטייגער, און קעדיי צו זיין אַ הענדלער, דאַרף מען האַנדלען אייראָפּעיִש. אָט פֿון דעם טיילט אונדז נאָך אָפּ אַ גאַנצע עפּאָכע.

כ'ענדיק אַ ריי פּריווילעגיעס — עקאָנאָמישע, פֿינאַנציעלע און באַנק־פּריווילעגיעס דער קאָאָפּעראַציע — אין דעם דאַרף באַשטיין די שטיצע פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער מעלוכע דעם נייעם פּרינציפּ פֿון אָרגאַניזירן די באַפֿעלקערונג. נאָר מיט דעם איז די אויפֿגאַבע בלויז אַוועקעשטעלט אין אַלגעמיינע שטריכן, ווײַל דאָ פֿאַרבלייבט נאָך אומבאַשטימט, ניט באַשריבן דעטאַל דער גאַנצער אינהאַלט פֿון דער אויפֿגאַבע. פּראַקטיש, הייסט עס, דאַרף מען קאָנען אָפּזוכן יענע פֿאָרמען פֿון פּרעמיעס (אין די באַדינגונגען ווי אַזוי אַרויסגעבן זיי), וועלכע מיר מיר גיבן פֿאַר קאָאָפּערירן זיך, יענע פֿאָרם פֿון פּרעמיעס, בײַ וועלכער מיר העלפֿן גענוג דער קאָאָפּעראַציע, יענע פֿאָרם פּרעמיעס, בײַ וועלכער מיר דערגרייכן דעם ציוויליזירטן קאָאָפּעראַטאָר. און די אָרדענונג פֿון

ציוויליזירטע קאָאָפּעראַטאָרן באַ דעם געזעלשאַפֿטלעכן באַזיץ פֿון די פּראָדוציר־מיטלען, באַם קלאַסן־ניצאָכן פֿון פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע, דאָס איז די אָרדענונג פֿון סאָציאַליזם.

אַלעמאָל, ווען איך האָב געשריבן וועגן דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, האָב איך ציטירט מיין אַרטיקל פֿון 1918 יאָר וועגן מעלוכישן קאַפּיטאַליזם 1). דאָס האָט ניט איינמאָל אַרויסגערופֿן ספֿייקעס באַ איינ־יקע יונגע כאַווייריִם. זײַערע ספֿייקעס זיינען הויפּטזאַכלעך געווען געווענדעט אַף אַן אַבסטראַקט־פּאָליטישן אַדרעס. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז מען קאָן ניט אָנרופֿן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם אזא אָרדענונג, ווו די פּראָדוקציע־מיטלען געהערן צום אַרבעטער־קלאַס און דעמדאָזיקן אַרבעטער־קלאַס געהערט די מעלוכע־מאַכט. פֿונדעסטוועגן האָבן זיי ניט באַמערקט, אַז באַ מיר איז דער באַגריף „מעלוכע־קאַפּיטאַליזם“, ערשטנס, אָנגעווענדעט געוואָרן ווי אַ היסטאָרישע פֿאַרבינדונג פֿון אינדזער איצטיקער פּאָזיציע מיט דער פּאָזיציע אין מיין פּאָלעמיק קעגן די אזוי גערופֿענע לינקע קאָמוניסטן, און שוין דאַן האָב איך אויך אָנגעוויזן, אַז דער מעלוכע־קאַפּיטאַליזם וואָלט געווען העכער פֿון אונדזער איצטיקער עקאָנאָמיק; פֿאַר מיר איז וויכטיק געווען איינצושטעלן די מעסווירעדיקע פֿאַרבינדונג פֿון אונדזער געוויינטלעכן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם מיט דעם אויסערגעוויינטלעך, אַפֿילע זייער ניט געוויינטלעכן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם, וועגן וועלכן איך האָב גערעדט, אַריינפֿירנדיק דעם לייענער אין דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. צווייטנס איז פֿאַר מיר וויכטיק געווען דער פּראַקטישער ציל. און דער פּראַקטישער ציל פֿון אונדזער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מיר זאָלן באַקומען קאָנצעסיעס; קאָנצעסיעס וואָלטן דאָך שוין אָן ״ צווייפֿל באַ אונדזערע באַדינגונגען געווען אַ ריינער טיפּ פֿון מעלוכע־קאַפּיטאַליזם. אָט אין וואָס פֿאַר אַ געשטאַלט פֿאַר מיר האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט די שמועסן וועגן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם.

נאָר ס׳איז פֿאַראַן נאָך אַ זייט פֿון דעם איניען, ווען אונדז וועט עפּשער נויטיק זיין דער מעלוכע־קאַפּיטאַליזם אָדער אַ פֿאַרגלייך מיט אים. דאָס איז די פֿראַגע וועגן קאָאָפּעראַציע.

ס׳איז קיין צווייפֿל, אַז די קאָאָפּעראַציע אין די באַדינגונגען פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע איז אַ קאָלעקטיווע קאַפּיטאַליסטישע איינריכ־

טונג. ס'איז אויך קיין ספּעק ניט, אז אין די באַדינגונגען פֿון אונדזער איצטיקער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט, ווען מיר פֿאַרייניקן פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, נאָר ניט אַנדערש ווי אַף אַ געזעלשאַפֿטלעכער ערד, און ניט אנדערש ווי אונטערן קאָנטראָל פֿון דער מעלוכע־מאַכט וואָס געהערט צום אַרבעטער־קלאַס, מיט אונטערנעמונגען פֿון אַ קאָנסעקווענט סאָציאַליסטישן טיפּ (סאַי די פּראָדוקציע־מיטלען געהערן צו דער מעלוכע, סאַי די ערד, אַף וועלכער די אונטערנעמונג שטייט, און סאַי די אונטערנעמונג אין גאַנצן גענומען), שטעלט זיך דאָ די פֿראַגע וועגן אַ דריטן מין אונטערנעמונגען, וואָס האָבן פֿריער ניט געהאַט קיין זעלבסטשטענדיקייט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון פּרינציפּיעלער באַדייטונג, ד.ה. וועגן די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. פֿאַרן פּריוואַטן קאַפּיטאַל אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פֿון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, ווי אונטערנעמונגען קאָלעקטיווע פֿון אונטערנעמונגען פּריוואַטע. פֿאַרן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פֿון די מעלוכע־קאַפּיטאַליסטישע, ערשטנס, ווי אונטערנעמונגען פּריוואַטע און צווייטנס—ווי קאָלעקטיווע, בא אונדזער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פֿון די פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטישע, ווי אונטערנעמונגען קאָלעקטיווע, נאָר זיי אונטערשיידן זיך ניט פֿון די סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, אויב זיי זיינען געגרינדעט אַף דער ערד און מיט די פּראָדוקציע־מיטלען, וואָס געהערן צו דער מעלוכע, ד.ה. צום אַרבעטער־קלאַס.

אָט דיזאָזיקע לאַגע ווערט בא אונדז ניט גענוג גענומען אין אַכט, ווען מען שמועסט וועגן דער קאָאָפּעראַציע. מען פֿאַרגעסט, אַז די קאָאָפּעראַציע באַקומט בא אונדז צוליב די באַזונדערקייטן פֿון אונדזער מעלוכע־סיידער אַ גאַנץ אויסשליסלעכע באַדייטונג. אויב מען זאָל אויסטיילן באַזונדער די קאָנצעסיעס, וועלכע האָבן בא אונדז דערעכאַגעוו ניט באַקומען אַ וויפֿל ס'איז ניין באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג, פֿאַלט די קאָאָפּעראַציע אין אונדזערע באַדינגונגען אַף טריט און שריט **צונויף מיטן סאָציאַליזם.**

פֿוועל דערקלערן מיין געדאַנק. אין וואָס איז באַשטאַנען די פֿאַנטאַסטישקייט פֿון די פּלענער פֿון די אַלטע קאָאָפּעראַטאָרן, אָנהויבנדיק פֿון ראָבערט אָווען 2). אין דעם, וואָס זיי האָבן געהאַפֿט אַף אַ פֿרידלעכער

לעבן אויפֿן פֿאַרבייטן די איצטיקע געזעלשאַפֿט מיטן סאָציאַליזם, ניט נעמענדיק אין אַכט אַזאַ גרונט פֿראַגע, ווי די פֿראַגע וועגן קלאַסן-קאַמף, וועגן דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט דורכן אַרבעטער-קלאַס וועגן אַראָפּוואַרפֿן די הערשאַפֿט פֿון עקספּלואַטאַטאָרן-קלאַס. און דעריבער זיינען מיר גערעכט, געפֿינענדיק אין דעמדאָזיקן „קאָאָפּעראַטיוון" סאָציאַליזם בלויז ריינע פֿאַנטאַסטיק, עפּעס ראָמאַנטישעס און אַפֿילע שפּאָטישעס אין די טרוימען וועגן דעם, ווי מען קאָן מיטן פּאָשעטן קאָאָפּערירן די באַפֿעלקערונג פֿאַרוואַנדלען קלאַס-סאָנים אין קלאַסן-מיטאַרבעטער, קלאַסן-קריג אין קלאַסן-שאָלעם (דעם אַזוי גערופֿענעם בירגער-שאָלעם).

ס'איז קיין ספֿק, אַז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער גרונט-אויפֿגאַבע אין אונדזער צייט זיינען מיר געווען גערעכט, ווייל אָן קלאַסן-קאַמף פֿאַר דער פּאָליטישער מאַכט אין דער מעדינע קאָן דער סאָציאַליזם ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן.

נאָר ניט אַ קוק, ווי די זאַך האָט זיך איצט געביטן, ווי באַלד די מעלוכע-מאַכט געפֿינט זיך אין די הענט פֿון אַרבעטער-קלאַס, ווי באַלד די פּאָליטישע מאַכט פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן איז אַראָפּגעוואָרפֿן און ווי באַלד אַלע פּראָדוקציע-מיטלען (אויסער די, וועלכע די אַרבעטער-מעלוכע ניט פֿרייוויליק אָפּ אַף אַ צייט און ביטנאַי די עקספּלאָאַטאַטאָרן ווי אַ קאָנצעסיע) געפֿינען זיך אין די הענט פֿון אַרבעטער-קלאַס.

איצט האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן, אַז דער פּאָשעטער וווּקס פֿון דער קאָאָפּעראַציע איז פֿאַר אונדז גלייך (אויסער דעם אויבנאָנגעוויזענעם „קליינעם" אויסנאַם) מיטן וווּקס פֿון סאָציאַליזם, און גלייכצייטיק זיינען מיר געצווונגען צו אַנערקענען, אַז אונדזער גאַנצער קוק אָפּן סאָציאַליזם האָט זיך אין גרונט געביטן. די דאָזיקע גרונטלעכע ענדערונג באַשטייט אין דעם, וואָס פֿריער האָבן מיר דעם הויפּט-געוויכט געלייגט און מיר האָבן געדאַרפֿט לייגן אָפּן פּאָליטישן קאַמף: די רעוואָלוציע, די דעראָבערונג פֿון דער מאַכט א.אַ.וו. איצט אָבער בייט זיך דער שווערפּונקט אַף אַזויפֿיל, אַז עס ווערט איבערגעטראָגן אַף דער פֿרידלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער „קולטורעלע" אַרבעט. איך בין גרייט צו זאָגן, אַז דער שווערפּונקט פֿאַר אונדז טראָגט זיך איבער אַף דער קולטור-טרעגעריי, אויב ניט די צווישנפֿעלקערלעכע באַציונגען, אויב ניט דער כויוו צו קעמפֿן פֿאַר אונדזער פּאָזיציע אין צווישנפֿעלקערלעכן מאַסשטאַב. נאָר אויב מען זאָל דאָס

לאָזן אָן אַ זײַט און באַגנוגענען זיך מיט די אינערלעכע עקאָנאָמישע פֿאַרהעלטעניש, איז בײַ אונדז װירקלעך דער שװערפּונקט פֿון דער אַרבעט די קולטורטרעגערײַ.

פֿאַר אונדז שטייען צװײַ הױפּט-אױפֿגאַבן, װעלכע בילדן אַן עפּאָכע. דאָס איז די אױפֿגאַבע פֿון איבעראַרבעטן אונדזער אַפּאַראַט, װעלכער טויג אױף קאַפּאָרעס און װעלכן מיר האָבן אין גאַנצן איבערגענומען פֿון דער פֿריערדיקער עפּאָכע; איבערמאַכן דאָ ערנסט האָבן מיר פֿאַר פֿינף יאָר פֿון קאַמף גאָרניט דערװיזן און ניט געקענט דערװײַזן. די צװײַטע אױפֿגאַבע אונדזערע באַשטייט אין דער קולטור-אַרבעט פֿאַרן פּױערטום. און דידאָזיקע קולטור-אַרבעט צװישן פּױערטום שטעלט זיך װי אַן עקאָנאָמישן ציל גראָד די קאָאָפּערירונג. װען מיר װאָלטן האָבן אַ פֿולקומע קאָאָפּערירונג, װאָלטן מיר שוין מיט בײדע פֿיס געשטאַנען אױף אַ סאָציאַליסטישן באָדן. נאָר דערדאָזיקער באַדינג פֿון פֿולקאָמער קאָאָפּערירונג שליסט אין זיך אײַן אזא קולטורעלקײַט פֿון פּױערטום (דאַװקע פֿון פּױערטום) אַלס אַ ריזיקע מאַסע, אז דדידאָזיקע פֿולקאָמע קאָאָפּערירונג איז אומעגלעך אָן אַ גאַנצער קולטורעלער רעװאָלוציע.

אונדזערע סאָנים האָבן אונדז ניט אײנמאָל געזאָגט, אז מיר אונטערנעמען אַ מעשוגענע זאַך, װעלענדיק אײַנפֿירן סאָציאַליזם אין אַ ניט גענוג קולטורעלן לאַנד. נאָר זײ האָבן אַ טאָעס געהאַט אין דעם, װאָס מיר האָבן אָנגעהױבן ניט פֿון דעם עק, װי דאָס האָט זיך געפֿאָדערט לױט דער טעאָריע פֿון אַלע פּעדאַנטן, און װאָס בײַ אונדז האָט די פּאָליטישע און סאָציאַלע איבערקערעניש מאַקדים געװען יענע קולטורעלע איבערקערעניש, יענע קולטורעלע רעװאָלוציע, פֿאַר װעלכער מיר שטייען פֿונדעסטװעגן איצט.

פֿאַר אונדז איז איצט גענוג דידאָזיקע קולטורעלע רעװאָלוציע, אז מיר זאָלן װערן אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, נאָר פֿאַר אונדז איז אָט דידאָזיקע קולטורעלע רעװאָלוציע פֿאַרבונדן מיט אומגעהײַערע שװעריקײַטן פֿון אַ רײַן קולטורעלן כאַראַקטער (װײַל מיר קענען נאָך קײן איװרע ניט) און פֿון מאַטעריעלן זין, װײַל קעדײַ צו װערן קולטורעל, דאַרף מען האָבן אַ געװיסע אַנטװיקלונג פֿון די מאַטעריעלע פּראָדוקציע-מיטלען, מ'דאַרף אַ געװיסע מאַטעריעלע באַזע.

# קאאפעראציע אין דעם מעלוכע־קאפּיטאליזם.

## (פון דער בראשור „וועגן דערנערונג־שטייער“).

לאמיר נעמען די קאאפעראציע. ניט אומזיסט האט דער דעקרעט וועגן דערנערונגס־שטייער גלייך ארויסגערופן א רעוויזיע פון די קלאלים וועגן דער קאאפעראציע און א געוויסע פארברייטערונג פון איר „פרייהייט“ און רעכט. קאאפעראציע איז אויך א טיפּ פון מעלוכע־קאפּיטאליזם, נאר א ווייניקער פּאשעטער, ווייניקער דייטלעך אונטערגעשטראכן, מער פארפלאנטערט און שטעלט פאר אונדזער מאכט אין דער פּראקטיק גרויסע שוועריקייטן. די קאאפעראציע פון די קליינע סכוירע־פּראדוצירער (וועגן איר און ניט וועגן דער ארבעטער־קאאפעראציע האנדלט זיך עס, ווי א מער טיפּישע אין א לאנד פון א קליין־פּויערטום) שאפט אומפארמיידלעך קליינבורזשואזע קאפּיטאליסטישע באציונגען, העלפט מיט זייער אנטוויקלונג און רוקט ארויס אפן ערשטן ארט די קאפּיטאליסטן, געבנדיק זיי די גרעסטע האנאכעס. דאס קאן אנדערש ניט זיין, קאלזמאן ס'זיינען פאראן קליינע באלעבאטימלעך און די מעגלעכקייט, אויך די נויטיקייט פון סכוירע־אומבייט. די פרייהייט און רעכט פאר דער קאאפעראציע בא די געגעבענע באדינגונגען אין רוסלאנד באטייטן פרייהייט און רעכט דעם קאפּיטאליזם. פארמאכן די אויגן אפן דאזיקן באשיינפערלעכן עמעס, וואלט געווען א נארישקייט אדער א פארברעך.

נאר „קאאפעראטיווער“ קאפּיטאליזם, דער הייפעך פון פּריוואט־ווירטשאפטלעכן קאפּיטאליזם, איז בא דער סאוועטן־מאכט א מין פון מעלוכע־קאפּיטאליזם און אלס אזעלכער איז ער אונדז אצינד נויטיק און נוציק — ס'פארשטייט זיך, אין א געוויסער מאס, אף וויפל דער דערנערונגס־שטייער באטייט די פרייהייט פון פארקויפן די איבערי־

קע (די, וואָס גייען אַריין ניט אין שטייער) מויסרעס, אַף אַזויפֿיל איז אונדז נויטיק אָנווענדן אַלע קויכעס, די דאָזיקע אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם — וואָרום פֿרייהייט פֿון פּאַרקויף, פֿרייהייט פֿון האַנדל, איז אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם — ריכטן מיטן שטראָם פֿון קאָאָפּעראַטיוון קאַפּיטאַליזם. דער קאָאָפּעראַטיווער קאַפּיטאַליזם איז ענלעך אַפֿן מעלוכישן אין דעם פּראַט, וואָס ער פֿאַרגרינגערט דעם דיסקאָנט, דעם קאָנטראָל, דער אויפֿזיכט, די אָפּמאַך-באַציונגען צווישן דער מעלוכע (אין דעם פֿאַל, דער סאָוועטישער) און קאַפּיטאַליסט. די קאָאָפּעראַציע אַלס אַ פֿאָרם פֿון האַנדל איז נוציקער, ווי דער פּריוואַטער האַנדל, ניט נאָר צוליב די אויבנאָנגעוויזענע סיבעס, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס זי מאַכט גרינגער צו פֿאַראייניקן און אָרגאַניזירן מיליאָנען פֿון דער באַפֿעלקערונג און דערנאָך די גאַנצע באַפֿעלקערונג אינגאַנצן גענומען, און דאָס איז שוין אַליין אַ קאָלאָסאַלער פּלוס פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ווייטערדיקן איבערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

לאָמיר פֿאַרגלייכן די קאָנצעסיע און די קאָאָפּעראַציע אַלס פֿאָרמען פֿון מעלוכע-קאַפּיטאַליזם. די קאָנצעסיע באַזירט זיך אַף דער גרויסער מאַשין-אינדוסטריע, די קאָאָפּעראַציע אַף דער קליינער האַנט-פּראָדוקציע, טיילווייז אַפֿילע אַ פּאַטריאַרכאַלע. די קאָנצעסיע איז שייך איין קאַפּיטאַליסט, אָדער איין פֿירמע, איין סינדיקאַט, קאַרטעל, טרעסט אין יעדן קאָנצעסיע-אָפּמאַך. די קאָאָפּעראַציע כאַפּט אַרום אַסאַך טויזנטער, אַפֿילע מיליאָנען קליינע באַלעבאַטים. די קאָנצעסיע דערלאָזט און זעט אַפֿילע פֿאָרויס אַ גאַנץ פּינקטלעכן אָפּמאַך און אַ פּינקטלעכן טערמין, די קאָאָפּעראַציע דערלאָזט ניט ניט גאָר קיין פּינקטלעכן אָפּמאַך, ניט גאָר קיין פּינקטלעכן טערמין. אָפּשאַפֿן דעם געזעץ וועגן דער קאָאָפּעראַציע איז אַסאַך גרינגער, ווי צורייסן אַ קאָנצעסיע-אָפּמאַך, נאָר דאָס צורייסן פֿון אָפּמאַך באַטייט פּאָשעט, אַ באַלדיקן איבעררייס פֿון די פֿאַקטישע באַציונגען פֿון עקאָנאָמישן בונד אָדער עקאָנאָמישן „צוזאַמענלעבן“ מיטן קאַפּיטאַליסט, דאַן, ווען קיין אָפּשאַפֿונג פֿון געזעץ וועגן דער קאָאָפּעראַציע, קיינע געזעצן ביכלאַל וועלן ניט נאָר ניט באַלד צורייסן דעם פֿאַקטישן „צוזאַמענלעבן“ פֿון דער סאָוועטן-מאַכט מיט די קליינע „קאַפּיטאַליסטלעך“, נאָר איז ביכלאַל ניט אימשטאַנד צורייסן די פֿאַקטישע עקאָנאָמישע פֿאַר־העלטענישן. דעם קאָנצעסיאָנער

איז גרינג קאָנטראָלירן, די קאָאָפּעראַטאָרן — שווער. דער איבערגאַנג פֿון קאָנצעסיעס צום סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנג פֿון איין פֿאָרם גרויס-פּראָדוקציע צו אַ צווייטער פֿאָרם פֿון גרויס-פּראָדוקציע. דער איבערגאַנג פֿון דער קאָאָפּעראַציע פֿון די קליין-באַלעבאַטימלעך צום סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנג פֿון קליין-פּראָדוקציע צו גרויס-פּראָדוקציע, ד. ה. אַ מער קאָמפּליצירטער איבערגאַנג, נאָר דערפֿאַר קאָן עס, אין פֿאַל פֿון אַ דערפֿאָלג, אַרומכאַפּן ברייטערע מאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג, קאָן אַרויסרייסן מער לעבנפֿעיקע טיפֿערע וואָרצלען פֿון די אַלטע, פֿאַר סאָציאַליסטישע אַפֿילע פֿאַר קאַפּיטאַליסטישע פֿאַרהעלטענישן, וואָס זיינען מער פֿאַראַקשנט אין זין פֿון ווידערשטאַנד קעגן יעדן נייעם איפּט. די פּאָליטיק פֿון קאָנצעסיעס אין פֿאַל פֿון אַ דערפֿאָלג וועט אונדז געבן אַ קליינע צאָל מוסטערהאַפֿטע, — אין פֿאַרגלייך מיט אונדזערע — גרויסע אונטערנעמונגען, וועלכע שטייען אַף דער מאַדערנער מדרייגע פֿון דעם מאָדערנעם פֿאָרגעשריטענעם קאַפּיטאַליזם. אין עטלעכע צענדליק יאָר ארום וועלן די דאָזיקע אונטערנעמונגען אין גאַנצן איבערגיין צו אונדז. די קאָאָפּעראַטיווע פּאָליטיק, אין פֿאַל פֿון דערפֿאָלג, וועט אונדז געבן אַן אויפֿשטייג פֿון דער קליינערווירטשאַפֿט און וועט פֿאַרלייכטערן דעם איבערגאַנג, אין אַן אומבאַשטימטן טערמין, צו דער גרויס-פּראָדוקציע אַף די יעסוידעס פֿון פֿרייוויליקער פֿאַרייניקונג.

לענין, XVIII באַנד, ערשטער טייל, 1921 יאָר.

---

## דער בורזשואַזער „שעקער“.

(פֿון דער בראָשור: „צו דער דאָרפֿישער אָרעמקייט“) 3).

אַלע אייגנטימער, די גאַנצע בורזשואַזיע באַמיט זיך צוציען אַף איר זייט דעם מיטלפּויער מיט דעם, וואָס זי זאָגט אים צו פֿאַרשיידענע מיטלען אַף אויסצובעסערן זיין ווירטשאַפֿט (ביליקע אַקערס, דאָרפֿישע בענק, איינפֿירן דעם פֿאַרזיי פֿון גראָזן, פֿאַרביליקערן דעם פֿאַרקויף פֿון פֿי און באַמיסטיקונג א. ד. גל.) און אויך מיט דעם, וואָס זי מאַכט דעם פּויער פֿאַר אַן אָנטיילנעמער פֿון די פֿאַרשיידענע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פֿאַראייַנען (קאָאָפּעראַציע, ווי מען רופֿט זיי אָן אין די ביכלעך), פֿאַראייַנען צווישן קאָלערליי באַלעבאַטים, קעדיי צו פֿאַרבעסערן די באַלעבאַטישקייט. מיט אַזאַ וועג באַמיט זיך די בורזשואַזיע אָפּציען דעם מיטלען און אַפֿילע קליינעם פּויער, אַפֿילע דעם האַלב-פּראָלעטאַריער פֿון פֿאַרבאַנד מיטן אַרבעטער, באַמיט זיך אָנהעצן זיי, אַז זיי זאָלן שטיין פֿאַר די רייכע, פֿאַר דער בורזשואַזיע אין איר קאַמף מיטן אַרבעטער, מיטן פּראָלעטאַריאַט.

די אַרבעטער סאָציאַל-דעמאָקראַטן 4) ענטפֿערן אַף דעם: אויסבעסערן די ווירטשאַפֿט איז אַ גוטע זאַך. ס'איז קיין בייז ניט קויפֿן ביליקער אַן אַקער. אַצינד באַמיט זיך אַפֿילע יעדער ניט גאָר נאַרישער קויפֿער, וואָס ביליקער פֿאַרקויפֿן, קעדיי צוציען קוינים. נאָר ווען מען זאָגט דעם אָרעמען און מיטלען פּויער, אַז די אויסבעסערונג פֿון דער ווירטשאַפֿט און דאָס ביליקער מאַכן די אַקערס וועט זיי אַלעמען העלפֿן אַרויס פֿון אַלע נויטן און שטעלן זיך אַף די פֿיס, ניט אָנרירנדיק אין גאַנצן די געווירים, איז דאָס אַ שעקער. אָט פֿון די אַלע אויסבעסערונגען, מעציעס אין די קאָאָפּעראַציעס (פֿאַראייַנען אַף צו קויפֿן און איינקויפֿן סכוירעס) *וועט אַסאַך מער געווינען דער געוויר.*

די געווירים ווערן אַלץ רייכער, שטיקן און ווערגן אַלץ מער די אָרעמקייט און דעם מיטעלן פויער. קאַלזמאַן דער געוויר איז רייך, קאַלזמאַן ער האַלט אין זיינע הענט דעם גרעסטן טייל פון דער ערד, פון די פי, פון די אַרבעט־מיטלען און פון די געלט, ביז דענסטמאָל וועט ניט נאָר די אָרעמקייט, נאָר אַפילע דער מיטלפויער פון נויט און דאַלקעס זיך קיינמאָל ניט באַפרייען. איינער אָדער צוויי מיטעלע פויערים וועלן עפּשער צוליב דערדאָזיקער אויסבעטערונג אַרויפקריכן צו די געווירים, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק און אַלע פויערים וועלן נאָך טיפער איינזינקען אין דאַלעס. אז די אַלע מיטעלע פויערים זאָלן קאָנען דערשלאָגן זיך צו אַשירעס, דאַרף מען די געווירים צוזאָגן, און צוזאָגן זיי קאָן זיי נאָר דער פאַרבאַנד צווישן די שטאָטישע אַרבעטער און דער דאָרפישער אָרעמקייט.

די בורזשואַזיע זאָגט דעם מיטעלן (אָדער אַפילע קליינעם) פויער מיר וועלן דיר פאַרקויפן ביליקע ערד, ביליקע אַקערס און דו פאַרקויף אונדז דיין נעשאָמע, דו זאָג זיך אָפּ דערפאַר פון קאַמף קעגן אַלע רייכע.

דער אַרבעטער סאָציאַלדעמאָקראַט זאָגט: אויב ווירקלעך מען פאַרקויפט ביליק, פאַרוואָס זאָל מען, זייענדיק בײַ געלט, ניט קויפן; ס'איז אַ געשעפט־זאַך. נו, אָבער די נעשאָמע טאָר מען קיינמאָל ניט פאַרהאַנדלען. אָפּזאָגן זיך פון קאַמף מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע האַנט בײַ האַנט מיטן שטאָטישן אַרבעטער, הייסט אַף שטענדיק פאַרבלייבן אין דאַלעס און נויט. פון פאַרביליקערן די סכוירעס וועט זיך דער געוויר נאָך מער אָנלעבן, נאָך מער אויסשפּילן. און בײַ וועמען קיין געלט איז נישטאָ, יענעם וועט קיין מעציע ניט העלפן, ביזוואַנען ער וועט די דאָזיקע געלט ניט צונעמען בײַ דער בורזשואַזיע.

לאָמיר נעמען אַ מאָשל: די אָנהענגער פון דער בורזשואַזיע, טראָגן זיך אום, ווי אַן אָרעמאַן מיט דער טאָרבע, מיט די פאַרשיידענע קאָאָפּעראַציעס (פאַריינען, ווו מען קען ביליק קויפן און גוט פאַרקויפן). ס'געפינען זיך מענטשן, וואָס רופן זיך אַפילע אָן „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן” און שרייען אויך איניינעם מיט דער בורזשואַזיע, אַז דער פויער נייטיקט זיך מער פון אַלץ אין קאָאָפּעראַציע 5), זיי הויבן אָן איינפירן פאַרשיידענע קאָאָפּעראַציעס אויך בײַ אונדז אין רוסלאַנד, נאָר בײַ אונדז זיינען זיי נאָך דערווייל זייער ווייניק און ביזדאַן וועלן זיי זיין

ייִנגיק, ביזוואַנגען מיר וועלן ניט האָבן קיין פּאָליטישע פֿרייהייט. און אַט אין דייטשלאַנד איז פֿאַראַן אַסאַך פֿאַרשיידענע קאָאָפּעראַציעס צווישן די פּויערים. און גיט אַ קוק וועמען העלפֿן פֿריער דידאָזיקע קאָאָפּעראַציעס. אין גאַנץ דייטשלאַנד איז פֿאַראַן 140 טויזנט דאָרפֿישע באַלעבאַטים, וועלכע באַטייליקן זיך אין די געזעלשאַפֿטן אַף צו פֿאַרקויפֿן מילך און מילך-פּראָדוקטן און באַ דידאָזיקע 140 טויזנט באַלעבאַטים איז פֿאַראַן (מיר נעמען קיילעכדיקע ציפֿער, אַז ס'זאָל זיין פּאַשעטער) 1100 בעהיימעס. אָרעמע פּויערים איז אין גאַנץ דייטשלאַנד 4 מיליאָן. פֿון זיי נעמען נאָר 40 טויזנט אַן אָנטייל אין דער קאָאָפּעראַציע, הייסט עס, אַז פֿון הונדערט אָרעמע פּויערים באַנוצט זיך מיט דערדאָזיקער קאָאָפּעראַציע *נאָר איין פּויער*. בעהיימעס פֿאַרמאָגן דידאָזיקע אָרעמעלייט נאָר הונדערט טויזנט. ווייטער, מיטלפּויערים, מיטעלע באַלעבאַטים — איין מיליאָן. פֿון זיי נעמען אָנטייל אין דער קאָאָפּעראַציע 50 טויזנט (ס'הייסט 5 מאַן פֿון הונדערט) און בעהיימעס האָבן זיי 200 טויזנט. ענדלעך, רייכע באַלעבאַטים (ס'הייסט פּריצים און פּויערים אינאיינעם)—*איין דריטל מיליאָן*, פֿון זיי באַטייליקן זיך אין דער קאָאָפּעראַציע 50 טויזנט (*17 מאַן פֿון הונדערט*) און בעהיימעס האָבן זיי 800 טויזנט.

אַט וועמען ס'העלפֿן, פֿריער פֿון אַלץ און מערער פֿון אַלץ, אַלע קאָאָפּעראַציעס. אַט זיי ס'פֿירן פֿאַר דער נאָז דאָס פּויערטום, די מענטשן, וועלכע שרייען וועגן ראַטעווען דעם מיטלפּויער מיט די קאָלערליי פֿאַריינען פֿאַרן ביליקן איינקויף און גוטן פֿאַרקויף. זייער ביליק וויל שוין די בורזשואזיע „אָפּקויפֿן" דעם פּויער פֿון די סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע העלפֿן סאַי די אָרעמקייט, סאַי דעם מיטעלן פּויער אַף זייער זייט.

באַ אונדז פֿאַרפֿירט מען אויך פֿאַרשיידענע קעז-פֿאַקטן און מילך-אַרטעלן. באַ אונדז זיינען פֿאַראַן אויך אַ שלאַל מענטשן, וואָס שרייען: אַרטעלן און פֿאַריינען און געזעלשאַפֿטן — אַט וואָס דער פּויער באַדאַרף. נאָר גיט נאָר אָקאָרשט אַ קוק וועמען לוינען עס די אַרטעלן, די געזעלשאַפֿטן און די כעווערישע אַרענדעס. באַ אונדז פֿון יעדער הונדערט הויפֿן האָבן ניט ווייניקער פֿון צוויי צענדליק גאָר קיין בעהיימעס ניט. דריי צענדליק האָבן בלויז צו איין בעהיימע: דידאָזיקע פֿאַרקויפֿן די מילך אויס נויט, די קינדער בלייבן אָן מילך, הונגערן און שטאַרבן, ווי

פֿליגן. די רייכע פּויערים האָבן צו 3 — 4 בעהיימעס און מער און באַ דידאָזיקע רייכע פּויערים איז אַ העלפֿט פֿון אַלע פּויערישע בעהיימעס, וועמען זשע וועלן ברענגען נוצן די פּאַקט-אַרטעלן? ס'איז קלאָר, אז פֿריער פֿון אַלץ די פּריצים און דער פּויערשער בורזשואַזיע. ס'איז אַ קלאָרע זאַך, *זיי לוינט*, אז דער אָרעמער פּויער און דער מיטלפּויער זאָל זיך ציען נאָך זיי, מען זאָל האַלטן, אז די אויסלייזונג איז ניט אין קאַמף פֿון אַלע אַרבעטער קעגן דער גאַנצער בורזשואַזיע, נאָר דאָס שטרעבן פֿון אייניקע באַלעבאַטים אַרויסדראַפּן זיך פֿון זייער לאַגע און ווערן בורזשויען.

אָט דאָסדאָזיקע שטרעבן האַלטן עס מיט אַלערליי מיטלען אונטער די אָנהענגער פֿון דער בורזשואַזיע, מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אז זיי זיינען קלוימערשט פֿריינט און אָנהענגער פֿון קליין-פּויער.

די בורזשואַזיע, פֿאַרשטייט זיך, דאַרף מער ניט האָבן, זי דאַרף, אַז וואָס מער אָרעמע און מיטעלע פּויערים זאָלן זיך ציען נאָך די רייכע, אז זיי זאָלן גלויבן אין דער מעגלעכקייט אויסגעלייזט צו ווערן פֿון דאַבֿקעס אָן קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, *אז זיי זאָלן האָפֿן* אַף זייער פֿלייסיקייט, אַף זייער האָרעוואַניע, אַף אַ נעם רייך צו ווערן און ניט אַפֿן פֿאַרבאַנד מיט די דאָרפֿישע און שטאָטישע אַרבעטער.

מיט אַלע קויכעס באַמיט זיך די בורזשואַזיע אונטערהאַלטן אין פּויערטום דידאָזיקע פֿאַלשע האָפֿענונג, באַמיט זיך איינשלעפֿערן אים מיט שיינע זיסע רעדעס.

קעדיי צו אַנטדעקן דעם שעקער פֿון די אַלע זיסע דראָשעס, איז גענוג שטעלן דריי פֿראַגן.

די ערשטע פֿראַגע. קאָן זיך דאָס אַרבעטער-פֿאָלק באַפֿרייען פֿון נויט און דאַבֿקעס, ווען פֿון צוויי הונדערט פֿערציק מיליאָן דעסיאַטין טויגבאַרע ערד אין רוסלאַנד געהערט 100 מיליאָן דעסיאַטין צו פּריוואַטע ערד-באַזיצער? ווען באַ 16 טויזנט פֿון די גרויסע ערד-באַזיצער געפֿינט זיך 65 מיליאָן דעסיאַטין?

די צווייטע פֿראַגע. קאָן זיך דאָס אַרבעטער-פֿאָלק באַפֿרייען פֿון נויט און דאַבֿקעס, אז אַנדערהאַלבן מיליאָן פֿון די רייכע פּויערשע הויפֿן (פֿון סאַכאַקל 10 מיליאָן) האָבן צוגענומען אַ העלפֿט פֿון אַלע פּויערשע פֿאַרזייטע שטאָכים, פֿון אַלע פּויערישע פֿערד, פֿון גאַנצן

פֿויערשן פֿי און מער ווי אַ העלפֿט פֿון אַלע פֿויערישע רעזערוון און געלט-אָפּשפּאָרונגען? ווען די דאָזיקע פֿויערישע בורזשואַזיע האַלט אַלײן אין אײַן רײַכער ווערן, דריקנדיק דעם אָרעמאַן און דעם מיטעלן פֿויער, אָנלעבנדיק זיך אַף פֿרעמדער פּראַצע פֿון די באַטראַקעס און טאָג-אַרבעטער? ווען זעקס מיט אַ האַלב מיליאָן פֿויערישע הויפֿן שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם שרעקלעכסטן דאַלעס, אַ שטענדיק הונגעריקן דאַלעס, וואָס זוכט צו פֿאַרדינען דאָס שטיקל ברויט מיט יעדער לוינאַרבעט?

די דריטע פֿראַגע. קאָן זיך דער אַרבעטער-פֿאָלק באַפֿרײַען פֿון נויט און דאַלקעס, ווען דער הויפּט-קויעך איז געוואָרן דאָס געלט, ווען פֿאַר געלט קאָן מען אַלץ קויפֿן: אַ פֿאַבריק, ערד, און אַפֿילע מענטשן אַלס פֿאַרדונגענע אַרבעטער? ווען אָן געלט קאָן מען ניט לעבן, ניט פֿירן קיין ווירטשאַפֿט? ווען דער קלײנער באַלעבאָס, דער אָרעמאַן דאַרף פֿירן אַ קאַמף מיטן גרויסן באַלעבאָס אַף צו קריגן געלט? ווען עטלעכע טויזנט פּריצים, סאָחרים, פֿאַבריקאַנטן און באַנקירן האָבן פֿאַרכאַפּט אין זייערע הענט הונדערטער מיליאָנען רובל און אויסער דעם באַלעבאַטעווען זיי מיט אַלע בענק, אין וועלכע ס'ווערן צונויפֿגעקליבן טויזנטער מיליאָנען?

אָט פֿון די דאָזיקע פֿראַגן וועט מען זיך מיט קײנע זיסע דראָשעס וועגן דעם נוצן פֿון קלײנע ווירטשאַפֿטן און קאָאָפּעראַציע ניט אַרויסדרייען. אַף די דאָזיקע פֿראַגן קאָן זײַן נאָר אײן ענטפֿער: די עמעסע „קאָאָפּעראַציע“, וואָס קאָן ראַטעווען דאָס אַרבעטער-פֿאָלק — דאָס איז דער פֿאַרבאַנד צווישן דער דאָרפֿישער אָרעמקייט מיט די שטאָטישע אַרבעטער — סאָציאַלדעמאָקראַטן אַף צו קעמפֿן קעגן דער בורזשואַזיע. וואָס גיכער ס'וועט זיך פֿאַרברייטערן און פֿאַרשטאַרקן דער דאָזיקער פֿאַרבאַנד, אַלץ גיכער וועט דער מיטלפֿויער פֿאַרשטײן דעם גאַנצן שעקער פֿון די בורזשואַזע האַוטאָכעס, אַלץ גיכער וועט זיך דער מיטלפֿויער שטעלן אַף אונדזער זײַט.

לענין, IX באַנד, 1903 יאָר.

---

## די קאָאָפּעראַציע און די אַרבעטער־באַוועגונג.

(פֿון אַרטיקל „די פֿראַגע וועגן די קאָאָפּעראַטיוון אַפֿן צווישנפֿעלקערלעכן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגן 6).

אין דעמדאָזיקן אַרטיקל האָב איך בעדייע צו באַנוגענען זיך מיט דעם, וואָס איך וועל איבערגעבן דעם גאַנג פֿון דער אַרבעט אַפֿן קאָנגרעס איבער דער אָנגעווייזענער אין קעפּל פֿראַגע און זיך אָפּשטעלן אַף דער כאַראַקטעריסטיק פֿון די ריכטונגען פֿון סאָציאַליסטישן געדאַנק, וועלכע האָבן דאָרטן צווישן זיך געקעמפֿט.

בין קאָנגרעס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דריי פּראָיעקטן פֿון רעזאָלוציעס וועגן די קאָאָפּעראַטיוון. דער בעלגישער פּראָיעקט... הויבט אָן מיט אַן האַסראָע די אַרבעטער־סאָציאַליסטן קעגן דער לערע פֿון די, וועלכע זעען אין די קאָאָפּעראַטיוון אַזאַך אַליין פֿאַר זיך, עפּעס אַ מיטל אַף צו לייזן די סאָציאַלע פֿראַגע. אנערקענענדיק דערנאָך, אַז דער אַרבעטער־קלאַס איז זייער פֿאַרינטערעסירט אין אוטיליזירן די קאָאָפּעראַטיוון, ווי אַ מיטל פֿון קלאַסן־קאַמף, ווייזט דער פּראָיעקט פֿון דער בעלגישער פּאַרטיי אָן אַף די דירעקטע נוצן פֿון דער קאָאָפּעראַציע (דער קאַמף מיט דער האַנדל־עקספּלואַטאַציע, דאָס פֿאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען בא די באַשטעלער א. א. וו.) און דריקט אויס זיין ווונטש, אַז צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן זיך איינשטעלן אָרגאַנישע, אַלץ מער ענגערע און ענגערע באַציִונגען.

די מערהייט פֿון דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָיעקט אין זשאָרעסעס גייסט 7). די קאָאָפּעראַטיוון ווערן געלויבט ביזן הימל און ווערן אַרויסגערוקט — אַלציינס, ווי בא די בורזשואַזע דעמאָקראַטן — ווי אַ „נויטיקער" עלעמענט פֿון דער „סאָציאַלער איבערבויונג". ס'ווערן אַרויסגעזאָגט נעפּל־

דיקע פֿראַזן וועגן פֿאַרוואַנדלען די קאָאָפּעראַציִון פֿון אַ פֿאַרײַן פֿון אײַנצלנע פּערזאָנען, אין אַלגעמײַנע פֿעדעראַציעס, אַסאָציאַציעס 8).

ס׳ווערן צונויפֿגעמישט די פּראָלעטאַרישע קאָאָפּעראַציִון מיט די קאָאָפּעראַציִין פֿון קלײַנע באַלעבאַטימלעך (אין ערד־אַרבעט), מען פֿרײַדיקט נייטראַליטעט פֿון די קאָאָפּעראַציִון און מען באַשרײַבט דעם שאָדן פֿון דעם, אַז מען זאָל אַף די קאָאָפּעראַציִון אַרופֿלייגן וועלכע עס איז פֿאַרפֿליכטונגען בענוגייע דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

און, ענדלעך, דער פּראָיעקט פֿון דער מינדערהייט אין דער פֿראַנצייזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (דער געדיסטישער) 9), וואָס דערקלערט אַנטשלאָסן, אַז אַליין פֿאַר זיך זײַנען די קאָאָפּעראַציִון אַף קיין פֿאַל ניט קיין קלאַסן־אָרגאַניזאַציע (ווי, לעמאָשל, די פּראָפֿאַרייִנען), אַז זייער באַטײַטונג העננגט אָפּ פֿון דער אָנווענדונג, וואָס זיי באַקומען. די אַרבעטער, אַרײַנגייענדיק מאַסנווייז אין די קאָאָפּעראַציִון, קאָנען פֿון זיי באַקומען אַ נוצן פֿאַר זייער קאַמף מיטן קאַפּיטאַל, קאָנען אין אַ געוויסער מאָס זיך דערקוינדיקן אָפּן בײַשפּיל, וואָס, אַשטײַגער וואָלט געווען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט נאָך דער פֿאַרניכטונג פֿון די ווידערשפּרוכן אין דער איצטיקער אָרדענונג. דער פּראָיעקט שטרײַכט דערבײַ אונטער די באַגרענעצטע באַדײַטונג פֿון די קאָאָפּעראַציִון און הופּט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי העלפֿן די פּראָלעטאַרישע קאָאָפּעראַציִון, איז מאַזהיר פֿון קאָאָפּעראַטיווע איליוזיעס און רעקאָמענדירט די סאָציאַליסטן פֿאַרײַניקן זיך אין די קאָאָפּעראַציִון, כּדי צו קלאָר מאַכן פֿאַר די מאַסן זייערע עמעסע אויפֿגאַבן: דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט און פֿאַרוואַנדלען די פּראָדוקציע אין אומבײַטמיטלען אין אַלגעמײַן אייגנטום.

ס׳איז גאַנץ קלאָר, אַז דאָ מערקן זיך אָן צוויי גרונט־ליניעס: איינע — אַ ליניע פֿון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, דאָס אָנערקענען, אַז די קאָאָפּעראַציִון האָבן אַ ווערט פֿאַרן דאָזיקן קאַמף, אַלס זײַנער אַ קלייזאיען, ווי אַ הילף־מיטל צו אים, און דאָס אָפּשאַצן די באַדינגונגען, בײַ וועלכע די קאָאָפּעראַציִון וואָלטן ווירקלעך געשפּילט אַזאַ ראָלע, און ניט געבליבן ריינע האַנדל־אונטערנעמונגען. די צווייטע ליניע — די קליינבירגערלעכע, וועלכע פֿאַרנעפּלט די פֿראַגע וועגן דער ראָלע פֿון די קאָאָפּעראַציִון אין פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, וועלכע רוקט

איבער די באַטייטונג פון די קאָאָפּעראַטיון אויסער די ראַמען פון דעמדאָזיקן קאַמף (ד.ה. ז. מ׳שט צינויף דעם פּראָלעטאַרישן און באַלעבאַטישן קוק אַף די קאָאָפּעראַטיון, וועלכער שאַצט אָפּ די צילן פון די קאָאָפּעראַטיון מיט אַזעלכע אַלגעמיינע פראַגן, וואָס זיינען אָנגעמבאַר אויך פאַר אַ בורזשואַזן רעפאָרמאַטאָר — אָט דעם אידעאָלאָג פון די פּראָגרעסיווע באַלעבאַטימלעך און באַלעבאַטים).

צום באַדויערן, האָבן זיך דידאָזיקע צוויי אָנגעוויזענע ליניעס נאָר גראַד אָ נ ג ע מ ע ר ק ט אין די דריי פריער צוגעגרייטע פּראָיעקטן, נאָר זיי זיינען ניט געווען קלאָר און דייטלעך קעגנגעשטעלט איינע קעגן די אנדערע, ווי צ ו ו יי ר י כ ט ו נ ג ע ן, וועמעס קאַמף ס׳האָט געדאַרפט לייזן די פראַגע. און דעריבער איז די אַרבעט פון קאָנגרעס אַריבער ניט גלייך, פאַרפלאָנטערט פונקט ווי סטיכיש. אַף די מיינונגפאַרשיידנהייטן פלעגט מען זיך יעדע רעגע „אָנשטויסן“, נאָר מען האָט זיי אינגאַנצן ניט קלאָר געמאַכט, און די רעזאָלוציע האָט זיך באַקומען אין רעזולטאַט אַזאַ, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם פּלאָנטער פון געדאַנק, וואָס ניט ניט אַליץ, וואָס האָט געקאָנט און געדאַרפט געבן אַ רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען אַף אַ קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

אין דער קאָמיסיע האָט זיך אין דער פראַגע וועגן די קאָאָפּעראַטיון באַלד אָנגעמערקט 2 ריכטונגען: איינע זשאָרעסעס און עלמעס. עלם 10) איז געווען איינער פון די פיר דייטשישע דעלעגאַטן אין דער קאָאָפּעראַטיווער קאָמיסיע און איז אַרויסגעטראָטן אַלס פאָרשטייער פון די דייטשן, אַרויסגעטראָטן אין אַן אויסגעשפּראָכן־אָפּאָרטוניסטישן גייסט. די צווייטע ריכטונג איז געווען די בעלגישע. דער פאַרמיטלער און פשאָרעמאַכער איז געווען דער עסטרייכער קאַרפּעלעס, אַן אָנגעזעענער טוער אין דער עסטרייכישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, וועלכער האָט ניט פאַרטיידיקט קיין באַשטימטע פּרינציפּיעלע ליניע, נאָר (גיכער ניט „נאָר“, און דאַווקע דערפאַר) וועלכער האָט זיך אָפטער גענייגט צו די אָפּאָרטוניסטן.

אזוי, ווי בא די פראַנצויזן איז געווען אַ שטאַרקע מינדערהייט קעגן זשאָרעסן (פאַר זיין שטאַנדפּונקט זיינען געווען 202 מאַנדאַטן און פאַר געדן 142) און בא די דייטשן וואָלט זיך אויך באַקומען ניט קיין שוואַכערע מינדערהייט קעגן עלמען (איב די פראַגע וועגן די צווייַ

ריכטונגען וואָלט געשטעלט געוואָרן קלאָר און שאַרף), האָט דער עסטרייך-בעלגישער בונד געהאַט אַלע זיכערע שאַנסן אַף אַ ניצאָכן. אין די זאַך איז געווען ניט אַזוי אין זיג אין שמאָלן זין פֿון וואָרט, וויפֿל אין פֿאַרטיידיקן דעם קאָנסעקווענט-פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט אַף די קאָאָפּעראַציון. אָט די דאָזיקע קאָנסעקווענטקייט איז ניט געלונגען צו דערשלאָגן זיך צוליב די פֿיל האַנאָכעס, וואָס די סובקאָמיסיע האָט געמאַכט זשאָרעסן און עלמען.

וואָס איז שייך אונדז, רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן, האָבן מיר אין דער קאָמיסיע אונטערשטיצט די עסטרייך-בעלגישע ליניע און מיט דעם ציל האָבן זיי, נאָך איידער ס'איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דער עסטרייך-בעלגישער פּשאָרע-פּראָיעקט, אַרייננעטראָגן פֿאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

## דער פּראָיעקט פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער דעלעגאַציע:

דער קאָנגרעס האַלט:

1) אַז די פּראָלעטאַרישע געברויך-געזעלשאַפֿטן פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון אַרבעטער-קלאַס אין דעם פּראַט, וואָס זיי פֿאַרשמעלערן די מאָס פֿון דער עקספּלואַטאַציע מיצאַד די פֿאַרשיידענע פֿאַרמיטלער, ווירקנדיק אַף די אַרבעט-באַדינגונגען פֿון די אַרבעטער, וואָס זיינען פֿאַרנומען אין די איינריכטונגען פֿון די האַנדל-פֿאַרמיטלער און זיי פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון די אייגענע אָנגעשטעלטע.

2) אַז דיזאָזיקע קאָאָפּעראַציין קאָנען באַקומען אַ גרויסע באַטייטונג פֿאַר דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן מאַסן-קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט, שטיצנדיק די אַרבעטער אין דער צייט פֿון שטרייק און לאָקאַוטן, פּאָליטישע פֿאַרפֿאָלגונגען א. א. וו.

פֿון דער צווייטער זייט ווייזט דער קאָנגרעס אָן אָף דעם:

1) אַף די אויסבעסערונגען, וואָס קאָנען דערגרייכט ווערן מיט דער הילף פֿון די געברויך-געזעלשאַפֿטן, קאָנען זיין נאָר זייער אומבאַדייטנדיקע ביזדאַן, ביזוואַנען די פּראָדוקציע-מיטלען געפֿינען זיך אין די הענט פֿון דעם קלאַס, וועלכער מוז עקספּראָפּריאירט ווערן, קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם.

2) אז די געברויך־געזעלשאַפֿטן זײַנען נישט קיין אָרגאַנען פֿון דירעקטן קאַמף מיטן קאַפּיטאַל און זיי אָרגאַניזירן גלײַכצײַטיק מיט די ענלעכע אָרגאַניזאַציעס בײַ די איבעריקע קלאַסן, וואָס קאָנען שאַפֿן אַן אילוזיע, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אַ מיטל, מיט וועלכן די סאָציאַלע פֿראַגע קאָן געלייזט ווערן אָן קלאַסן־קאַמף, אָן דער עקספּראָפּריאַציע פֿון דער בורזשואַזיע.

דער קאָנגרעס רופֿט די אַרבעטער פֿון אַלע לענדער:

א) אַרײַנטרעטן אין די פּראָלעטאַרישע געברויך־געזעלשאַפֿטן און מיטהעלפֿן זייער אַנטוויקלונג, אָפּהיטנדיק דעם דעמאָקראַטישן כאַראַקטער פֿון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

ב) דורך אומדערמידלעכער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין די געברויך־געזעלשאַפֿטן, מיטהעלפֿן פֿאַרשפּרייטן די אידייען פֿון קלאַסן־קאַמף און סאָציאַליזם.

ג) גלײַכצײַטיק שטרעבן צו דערנענטערן אַלע פֿאָרמען פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער קאָנגרעס שטרײַכט אויך אונטער, אַז די פּראָדוקציע־געזעלשאַפֿטן האָבן אַ באַטייטונג פֿאַרן קאַמף פֿון אַרבעטער־קלאַס נאָר אין דעם פֿאַל, ווען זיי זײַנען אַ באַשטאַנד־טייל פֿון די געברויך־געזעלשאַפֿטן.

---

אַלע פּראָיעקטן פֿון די רעזאָלוציעס זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין דער סובקאָמיסיע (די קאָמיסיעס פֿון די צוויישנפֿעלקערלעכע קאָנגרעסן זײַנען אַזוי גרויס — יעדער נאַציע שיקט 4 דעלעגאַטן אין יעדער קאָמיסיע — אַז וועגן אויסאַרבעטן אַ טעקסט פֿון אַ רעזאָלוציע בײַ אַ פֿולן צוזאַמענשטעל פֿון די קאָמיסיעס קאָן גאָר קיין רייד נישט זײַן).

ווען דער פּראָיעקט פֿון דער סובקאָמיסיע האָט זיך אומגעקערט אין דער קאָמיסיע, האָבן מיר צוזאַמען מיט געדן אַרײַנגעטראָגן צוויי (הויפּט) אויסבעסערונגען: ערשטנס, פֿאַרבײַטן די ווערטער („די קאָאָפּעראַציון") „העלפֿן די אַרבעטער צוגרייטן די דעמאָקראַטיזירונג און סאָציאַליזירונג פֿון דער פּראָדוקציע און אויסבײַט" מיט די ווערטער: (די קאָאָפּעראַציון) העלפֿן אין אַ געוויסער מאָס צוגרייטן די פֿונקציאָ=

נירונג פון דער פּראָדוקציע און אומבייט נאָך דער עקספּראָפּריאירונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס", די באַשטימונג פון דערדאָזיקער אויסבעסערונג, וועלכע איז סטיליסטיש פאָרמולירט ניט גאָר געלונגען, איז באַשטאַנען ניט אין דעם, אַז די אַרבעטן קאָנען איצטער ניט העלפן די אַרבעטער, נאָר אין דעם, אַז די פונקציאָנירונג פון דער צוקונפטיקער פּראָדוקציע און אומבייט, וועלכער ווערט איצט צוגעגרייט פון די קאָאָפּעראַציון, קאָן אָנקומען ערשט נאָך דער עקספּראָפּריאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן. די צווייטע אויסבעסערונג געהערט צום פּונקט, ווו ס'רעדט זיך וועגן די באַציִונגען פון די קאָאָפּעראַציון צו דער פּאַרטיי. מיר האָבן פאָרגעלייגט אָדער צוגעבן דאָס וואָרט: אַז (ד. ה. די הילף דעם אַרבעטער-קאַמף) איז אין יעדן פאַל געווינטשן פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אָדער פאַרבייטן אָט דעמדאָזיקן גאַנצן פּונקט מיט אַן אַנדערן, וואָס זאָל אָפן רעקאָמענדירן די סאָציאַליסטן און די קאָאָפּעראַציון פּריידיקן און פאַרטיידיקן דעם געדאַנק וועגן דער נויטיקייט פון דירעקטער הילף דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן-קאַמף.

די ביידע אויסבעסערונגען זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער קאָמיסיע, באַקומענדיק בלויז באַ אַ 15 שטימען.

וועגן דער פראַגע, ווי צו האַלטן זיך אָפן פּלענום פון קאָנגרעס, האָבן מיר געהאַט אַ באַראַטונג מיט געדן. געד האָט געהאַלטן — און צו זיין מיינונג האָבן זיך אָנגעשלאָסן די דייטשישע רעוואָלוציאָנערע ס. ד., — אַז צוליב טייל־ווייזע אויסבעסערונגען איז ניט קעדאַי אָנהויבן אַ מילכאָמע אָפן פּלענום פון קאָנגרעס, אַז שטימען דאַרף מען אין אַלגעמיין פאַר דער רעזאָלוציע, איר כיסאָרן באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט דערלאָזן איין רעוויזיאָניסטישע פראַזע" 11), וועלכע פאַרבייט ניט די באַשטימונג פון די צילן פון סאָציאַליזם, וואָס שטייט בישלייַנעס מיט אַזאַ באַשטימונג, און דריקט ניט גענוג שטאַרק אויס דעם געדאַנק, אַז די אַרבעטער-קאָאָפּעראַציון דאַרפן העלפן דעם אַרבעטער-קלאַסן-קאַמף.

אַזעלכע פעלערן האָט מען געדאַרפט באַמיען זיך פאַרריכטן, נאָר אויפהויבן צוליב זיי אַ קאַמף אָפן פּלענום איז ניטאָ קיין גרונט. מיר האָבן מאַסקים געווען מיט אָט דער מיינונג פון געדן און די רעזאָלוציע אָפן פּלענום איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק.

דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס שטעלט מיט זיך פֿאָר די אַנטוויק־
לונג־סטאַדיע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען זי איז דעריבער גע־
גאַנגען אין דער ברייט און האָט אָנגעהויבן פֿאַרלאָפֿן אין שטראָם פֿון
קלאַסן־קאַמף די פּראָלעטאַרישע קאָאָפּעראַטיון. מיינונג־פֿאַרשידנהייטן
מיט די רעוויזיאָניסטן האָבן זיך אָנגעמערקט, נאָר ביי דעם, אַז די רע־
וויזיאָניסטן זאָלן אַרויסטרעטן מיט אַ זעלבשטענדיקער פּראָגראַם איז נאָך
ווייט. דער קאַמף מיט די רעוויזיאָניסטן איז אָפּגעלייגט, נאָר דערדאָזי־
קער קאַמף וועט קומען אומפֿאַרמיידלעך.

XI־טער באַנד, צווייטער טייל, 1910 יאָ״.

---

# די פשאָרע מיט די בורזשואַזע קאָאָפּעראַטיוון

(פֿון דער בראָשור: „די אָרדנטלעכע אויפֿגאַבן פֿון דער סאָוועטנמאַכט“12)

די סאָציאַליסטישע מעלוכע קאָן אַנטשטיין, נאָר ווי אַ נעץ פֿון פּראָדוקציע און געברויך־קאָמונעס, וואָס דיסקוטירן ערלעך זייער פּראָ־דוקציע און געברויך, וואָס שפּאָרן איין אַרבעט און העכערן קעסיידער איר פּראָדוקטיוויקייט און דערשלאָגן זיך מיט דעם די מעגלעכקייט צו־פֿאַרקלענערן דעם אַרבעטטאָג ביז זיבן, ביז זעקס שעה און מעסלעס און נאָך ווייניקער.

אָן דעם, אַז מען זאָל שאַפֿן אַ שטרענגן, אַלגעמיין אַרומכאַפּנדיקן פֿאָלק־דיסקאָנט און קאָנטראָל פֿון ברויט און פֿון אויסאַרבעטן דאָס ברויט (דערנאָך אויך פֿון די איבעריקע נויטיקע פּראָדוקטן), קאָן מען זיך דאָ ניט באַגיין. דער קאַפּיטאַליזם האָט אונדז איבערגעלאָזן אַזעלכע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס קאָנען אונדז פֿאַרגרינגערן דעם איבערגאַנג צום מאַסן־דיסקאָנט און קאָנטראָל פֿון פֿאַנאַנדערטיילן די פּראָדוקטן — די געברויך־געזעלשאַפֿטן. אין רוסלאַנד זיינען זיי אַנטוויקלט שוואַכער, ווי אין די פֿאָרגעשריטענע לענדער, נאָר פֿונדעסטוועגן האָבן זיי אַרומגעכאַפּט מער פֿון צען מיליאָן. דער דעקרעט, וואָס איז די טעג אַרויסגעגעבן געוואָרן וועגן די געברויך־געזעלשאַפֿטן, שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גאַנץ באַטייטונגספֿולע דערשיינונג, וועלכע באַווייזט באַשיינפּערלעך די אייגנאַרטיקייט פֿון דער לאַגע און פֿון די אויפֿגאַבן פֿון דער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק אין איצטיקן מאָמענט.

דער דעקרעט איז אַ פּשאָרע צווישן די בורזשואַזע קאָאָפּעראַ־טיוון און די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס פֿאַרבלייבן באַם בורזשואַזן שטאַנדפּונקט. אַ פּשאָרע, אָדער אַ קאָמפּראָמיס באַשטייט, ערשטנס,

אין דעם, וואָס די פֿאָרשטייער פֿון די אַנגערופֿענע אַנשטאַלטן האָבן ניט נאָר ניט גענומען אַן אָנטייל אין באַהאַנדלען דעם אָנגעוויזענעם דעקרעט, זיי האָבן פֿאַקטיש באַקומען באַשטימונג־רעכט, ווײַל די טיילן פֿון דעקרעט, וואָס האָבן באַגעגנט אַן אַנטשיידענע אָפּאָזיציע מיצד די דאָזיקע אַנשטאַלטן, זײַנען אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, צווישנס, און טאָך גענומען, באַשטייט דער קאָמפּראָמיס אין דעם, וואָס די סאָוועטנמאַכט האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון פּרינציפּ פֿון אומזיסטן אײַנטריט אין קאָאָפּע־ראַטיוו (דער איינציקער קאָנסעקווענט פּראָלעטאַרישער פּרינציפּ) און אויך פֿון פֿאַרייניקן די גאַנצע באַפֿעלקערונג פֿון געגעבענעם געגנט אין איין קאָאָפּעראַטיוו 13).

אַן אויסנאַם פֿון דעמדאָזיקן איינציקן סאָציאַליסטישן פּרינציפּ, וואָס אַנטשפּרעכט דער אויפֿגאַבע פֿון פֿאַראייניקן די קלאַסן, איז נאָר געמאַכט געוואָרן די „אַרבעטער קלאַסן־קאָאָפּעראַציעס“ (וואָס רופֿן זיך אין דעמדאָזיקן פֿאַל קלאַסן־קאָאָפּעראַציעס, ווײַל זיי וואַרפֿן זיך אונ־טער די קלאַסן־אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע). ענדלעך, דער פֿאָר־שלאָג פֿון דער סאָוועטנמאַכט אויסשליסן די בורזשואַזיע פֿון די קאָאָפּע־ראַטיוו־פֿאַרוואַלטונגען איז אויך זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און דער פֿאַרבאָט אַרײַנצוטרעטן אין דער פֿאַרוואַלטונג איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן נאָר אויף די אייגנטימער פֿון די האַנדל און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען פֿון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער. ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט, ווירקלעך דורך דער סאָוועטנמאַכט, דערוויזן צו אײַנאָרדענען דעם קאָנטראָל און דיסקאָנט אין אַלגעמיין מעלוכישן מאַסשטאַב, וואָלט מען זיך ניט גענויטיקט אין אַזעלכע קאָמפּראָמיסן, דורך די דערנערונגס־אָפּטיילן פֿון די סאָוועטן, דורך די באַזאָרגונגס־אָרגאַנען בײַ די סאָוועטן וואָלטן מיר פֿאַראייניקט די באַפֿעלקערונג אין אַן אײַנהייטלעכן פּראָלע־טאַריש־אָנגעפֿירטן קאָאָפּעראַטיוו אָן דער הילף פֿון די בורזשואַזע קאָ־אָפּעראַטיוון, אָן האַנאָכעם דעם בורזשואַזן פּרינציפּ, וואָס צווינגט דעם אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו בלײַבן בײַשטיינעם מיטן בורזשואַזן, אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל אונטערוואַרפֿן אינגאַנצן אָט דעם בורזשואַזן קאָ־אָפּעראַטיוו אונטער זיך, צונויפֿגיסנדיק בײַדע, צונעמענדיק זיך די גאַנ־צע פֿאַרוואַלטונג, נעמענדיק זיך אין די הענט די גאַנצע אויפֿזיכט איי־בערן געברויך פֿון די רײַכע.

שליסנדיק אַזאַ פֿאַרשטענדיקונג מיט די בורזשואַזע קאָאָפּעראַציִען, האָט די סאָוועטנמאַכט קאָנקרעט באַשטימט אירע טאַקטישע אויפֿגאַבן און די אײַנגאַרטיקע ווירקונג־מעטאָדן פֿאַר דער געגעבענער אַנטוויקלונג־פֿאַזע. דאָס הייסט, אָנפֿירנדיק מיט די בורזשואַזע עלעמענטן, אויסנוצנדיק זיי, מאַכנדיק געוויסע טיילווייזע האַנאָרעס, שאַפֿן מיר די באַדינגונגען אַף אַזאַ גיין פֿאָרויס, וואָס וועט זיין מער לאַנגזאַם, אַז מיר האָבן טכילעס געמיינט, נאָר גלײַכצייטיק מער זיכער און פֿעסט, מיט אַ מער סאָלידער, פֿאַרזיכערטער באַזע אין קאָמוניקאַציע־ליניע, מיט בעסער פֿאַרפֿעסטיקטע דעראָבערטע פּאָזיציעס. די סאָוועטן קאָנען (און דאַרפֿן) אַצינד מעסטן זייערע דערפֿאָלגן אַפֿן געביט פֿון סאָציאַליסטישער בויונג, צווישן אַנדעריש, מיט אַ מאָס זייער אַ קלאָרע, פּאַשעטע און פּראַקטישע: אין וואָס פֿאַר אַ צאָל געמיינדעס, (קאָמונעס, אָדער יישובֿים, קוואַרטאַלן א. ד. גל.) איז אַף וויפֿל דערנעענטערט זיך די אַנטוויקלונג פֿון די קאָאָפּעראַציִען צו דעם, אַז זיי זאָלן אַרומכאַפּן די גאַנצע באַפֿעלקערונג.

לענין 15־טער באַנד. 1918 יאָר.

## וועגן דער אומאָפּהענגיקייט פֿון דער קאָאָפּעראַציע.

(אַ רעדע אַפֿן דריטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע דעם 7 דעקאַבר 1918 יאָר).

כאַוויירים! פֿאַר דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע שטייט אַ צינד אַ זייער וויכטיקע אויפֿגאַבע אַפֿן ווירטשאַפֿטלעכן געביט און אויך אַפֿן פּאָליטישן געביט. סאַי די און סאַי יענע אויפֿגאַבן זיינען איצט ענג צוזאַמענגעבונדן צווישן זיך, אין זין פֿון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף. וואָס איז שייך די נאָענטסטע אויפֿגאַבן פֿון דער קאָאָפּעראַציע, וויל איך אונטערשטרייכן די באַטייטונג פֿון אַ „פּשאָרע“ מיט דער קאָאָפּעראַציע. די פּשאָרע, וועגן וועלכער ס'האָט זיך די לעצטע צייט אַזויפֿיל גערעט אין דער פּרעסע, גייט זיך אין טאָך פֿאַנאַנדער מיט דעם באַגריף פּשאָרע מיט דער בורזשואַזיע, וועלכע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ פֿאַראַט. די פּשאָרע, וועגן וועלכער מיר ריידן איצטער, איז אַ פּשאָרע פֿון אַן אַנדער מין. ס'איז פֿאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דער פּשאָרע פֿון דער סאָוועטנרעגירונג מיט דייטשלאַנד, וואָס האָט געגעבן איין רעזולטאַט, און צווישן דער סאַמע אומגליקלעכער און שעדלעכער פֿאַרן לאַנד פּשאָרע — די פּשאָרע צווישן אַרבעטער־קלאַס און דער בורזשואַזיע. איך רעד וועגן אַ פֿולקאָמען פֿאַראַט אין געשטאַלט פֿון אַזאַ פּשאָרע, אַ פֿאַראַט סאַי דעם קלאַסן־קאַמף, סאַי די גרונט־פּרינציפּן פֿון סאָציאַליזם. פֿאַר סאָציאַליסטן, וואָס שטעלן זיך, ווי אַ באַשטימטע אויפֿגאַבע דעם קאַמף מיט דער בורזשואַזיע און דעם קאַמף מיטן קאַפּיטאַל, איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך דער דראָזיקער אונטערשייד.

מיר ווייסן אַלע זייער גוט, אַז פֿאַר אונדזער קלאַסן־קאַמף קאָן זיין נאָר איינונאיינציקער באַשלוס: דאָס איז אָנערקענען אָדער די מאַכט פֿון קאַפּיטאַל, אָדער די מאַכט פֿון אַרבעטער־קלאַס. מיר ווייסן,

אַז אַלע פּרוּוון פֿון די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען צו שאַפֿן און דורכפֿירן זייער פּאָליטיק אין לאַנד — איז פֿאָרויס פֿאַרורטיילט אויף אַ פֿאָלשטענדיקער מפּלה. מיר האָבן דייטלעך געזען, איבערגעלעבט אַ ריי פּרוּוון פֿון די אָדער יענע קליינבירגערלעכע פּאַרטייען אָדער גרופּן, וואָס שטרעבן דורכפֿירן זייער פּאָליטיק און מיר זעען, אַז די דאָזיקע פּעריאָדישע פּרוּוון דאַרפֿן האָבן אַ מפּלה. צוליב באַשטימטע באַדינגונגען קאָנען מיר נאָר צוויי צענטראַלע קייכעס, וואָס שטייען אויף קעגנזעצלעכע פּאָליוסן דורכפֿירן זייער הערשאַפֿט אין רוסלאַנד, קאָנען אַ קער טאָן זייער גורל אין דער אָדער יענער זייט. איך וועל אַפֿילע זאָגן נאָך מער: די גאַנצע וועלט ווערט געשאַפֿן און פֿאַרוואַלטעט דורך איינער אָדער דורך דער צווייטער פֿון אָט די צענטראַלע קייכעס. וועגן רוסלאַנד קאָן מען באַשטימט זאָגן, אַז נאָר איינע פֿון די דאָזיקע קייכעס קאָן צוליב די אָדער יענע עקאָנאָמישע לעבנבאַדינגונגען זיך שטעלן בראָש פֿון דער באַוועגונג. די איבעריקע צווישנקייכעס — זיי זײַנען אַסך, נאָר זיי וועלן קיינמאָל ניט האָבן קיין ווײַכטיקע באַטײַטונג אין לעבן פֿון לאַנד.

אין איצטיקן מאָמענט דאַרף פֿאַר דער סאָוועטנמאַכט זיך שטעלן די פֿראַגע וועגן אַ פֿ אַ ר ש ט ע נ ד י ק ו נ ג צ ווי ש ן ד ע ר ס אָ ווע ט נ מ אַ כ ט א ו ן ד ע ר ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע. אין אַפּרעל זײַנען מיר אָפּגעטראָטן פֿון אונדזערע אָנגעמערקטע צילן און זײַנען אײַנגעגאַנגען אויף אַ האַנאָכע. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין קלאַסן־קאָאָפּעראַציע טאָר ניט עקזיסטירן אין אַ לאַנד, אין וועלכער ס׳ווערן פֿאַרניכטעט אַלע קלאַסן, נאָר איך כאַזער איבער, אַז די באַדינגונגען פֿון דער צייט האָבן געפֿאָדערט אַ געוויסן אָפּהאַלט און מיר האָבן עס דורכגעפֿירט, ווי אַ נידבע אויף עטלעכע כאַדאָשים. נאָר פֿונדעסטוועגן ווייסן מיר אַלע, אַז פֿון דער פּאָזיציע, אויף וועלכער ס׳שטייט איצט די מאַכט אין לאַנד, וועט זי קיינמאָל ניט אַראָפּ. מיר האָבן געדאַרפֿט מאַכן די דאָזיקע האַנאָכע, ווײַל מיר זײַנען אין יענער צייט געווען אײַנזאַם אין דער גאַנצער וועלט און אונדזער האַנאָכע דערקלערט זיך מיט דער שווערקייט פֿון אונדזער אַרבעט. צוליב די עקאָנאָמישע אויפֿגאַבן, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אויף זיך גענומען, דאַרפֿן מיר שאָלעם־מאַכן און אײַנהאַלטן געוויסע געווײַנהייטן פֿון די קליינבירגערלעכע שיכטן. דאָס איז

די הויפט־זאַך אין דעם, מיט וואָס פֿאַר אַ וועג ס'זאָל ניט זיין, מ'דאַרף אָבער דערגרייכן, אַז די טעטיקייט פֿון דער גאַנצער מאַסע פֿון אינטערדריקטע און עקספּלואַטירטע זאָל זיין אָנגעפֿירט. מיר דאַרפֿן אַלע געדענקען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פֿאָדערט פֿון אונדז. די פֿאָלק מאַכט דאַרף זיך רעכענען מיט דעם, אַז די פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער קליינבורזשואַזיע וועלן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער פֿאַראייניקן מיטן הערשנדיקן אַרבעטער־קלאַס, ווען דאָס לעבן וועט זיי סאָפֿקאָלסאָף באַווייזן, אַז קיין אויסוועג איז ניטאָ, אַז אַלע האָפֿענונגען אַף אַ מיטעלער לייזונג פֿון דער פֿראַגע וועגן מעלוכע־לעבן זיינען אין גאַנצן צעשטערט. אָט די אַלע שיינע לאָזונגען, ווי פֿאָלק־פֿרייהייט, גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג א. ד. גל., מיט וועלכע ס'האָבן זיך צוגעדעקט אַלע האַלבע מאָסמיטלען, זיינען אַראָפּגעקערט געוואָרן, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן ריידן די עמעסדיקע פֿאָלק־פֿרייהייט. איר האָט אַלע געזען, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען, ווען די אַלע לאָזונגען, לאָזונגען פֿון האַלבע מאָסמיטלען, זיינען צושמעטערט געוואָרן. איצט זעען מיר ניט נאָר, וואָס ס'קומט פֿאָר אין רוסלאַנד, נאָר וואָס עס קומט פֿאָר אין מאַסשטאַב פֿון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע.

איך וויל קלאָר מאַכן דעם אונטערשייד צווישן דער פּשאָרע, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַזאַ שרעקלעכע סינע אין גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און דער פּשאָרע, וואָס מיר פֿאָדערן איצטער — אַ פֿאַרשטענדיקונג מיטן גאַנצן קליין־פּויערטום, מיט דער גאַנצער קליין־בורזשואַזיע. אין דער צייט פֿון בריסקער שאָלעם, ווען מיר האָבן אָנגענומען די שווערע באַדינגונגען פֿון דעמדאָזיקן שאָלעם האָט מען אונדז געזאָגט, אַז קיין האָפֿענונג, אַף אַ וועלט־רעוואָלוציע איז ניטאָ, אַז אַ רעוואָלוציע קאָן גאָר ניט זיין. מיר זיינען געווען אין גאַנצן איינזאַם אין גאָרער וועלט. מיר ווייסן, אַז אַסאַך פּאַרטייען אין יענער צייט זיינען צוליב דעם בריסקער שאָלעם אָפּגעשטויסן געוואָרן פֿון אונדז און האָבן זיך געשטעלט אַף דער זייט פֿון דער בורזשואַזיע.

אין יענעם מאָמענט איז אונדז אויסגעקומען איבערצוטראָגן אַ גאַנצע ריי שרעקלעכסטע איבערלעבונגען. אין עטלעכע כאַדאָשים נאָכדעם האָט דאָס לעבן באַוויזן, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ און ס'קאָן ניט זיין, אַז קיין מיטן איז ניט פֿאַראַן.

ווען ס'איז אָנגעקומען די דייטשישע רעוואָלוציע, איז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז די רעוואָלוציע גייט איבער דער גאַנצער וועלט, אַז ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, און אַמעריקע גייען אויך מיטן זעלביקן וועג, מיט אונדזער וועג. ווען אונדזערע קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטישע שיכטן זיינען געגאַנגען נאָך זייערע פֿאַרטיידיקער, האָבן זיי ניט פֿאַרשטאַנען, וווהין יענע פֿירן זיי, זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, אַז מען פֿירט זיי מיטן וועג פֿון קאַפּיטאַליזם. איצט זעען מיר אַפֿן בייַשפּיל פֿון דער דייטשישער רעוואָלוציע, אַז די דאָזיקע פֿאָרשטייער פֿון דער דעמאָקראַטיע, די דאָזיקע פֿאַרטיידיקער אירע, די הערן ווילסאָן און קאָמפּ. בינדן אָן זייערע אָפּמאַכן די באַזיגטע פֿעלקער, ערגער פֿאַר יענעם בריסקער שאָלעם, וואָס איז געווען אָנגעבונדן אונדז 14). מיר זעען באַשיינפּערלעך, צוליב דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון די געשעענישן אַפֿן מאַירעוו, צוליב דער געענדערטער סיטואַציע, באַקומט די צווישנפֿעלקערלעכע דעמאַגאָגיע איצט אַ מאַפּאָלע. איצט האָט זיך דייטלעך אַרויסגעוויזן די פֿיזיאָנאָמיע פֿון יעדער נאַציע. איצט זיינען די מאַסקעס אַראָפּגעריסן, אַלע אילוזיעס זיינען צושלאָגן מיט יענעם שווערן טאַראַן, מיטן טאַראַן פֿון דער וועלט-רעוואָלוציע.

נאַטירלעך, אַז בײַ אַזעלכע וואַקלדיקע עלעמענטן, וועלכע זיינען אַלעמאָל פֿאַראַן אין אַן איבערגאַנג-צייט, האָט די סאָוועטנמאַכט געדאַרפֿט אויסנוצן איר גאַנצע באַטייטונג און איר ווירקונג אַף דורכצופֿירן אין לעבן די אויפֿגאַבן, וואָס מיר שטעלן אַצינד, די אויפֿגאַבן, מיט וועלכע מיר אונטערהאַלטן אונדזער פּאָליטיק, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן נאָך אַפּרעל. דאַן האָבן מיר אָנגעלייגט די צילן, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט אַף אַ געוויסער צייט, דאַן האָבן מיר באַוווּסטזיניק און אָפֿן געמאַכט אַ ריי האַנאָכעס.

דאָ שטעלט זיך די פֿראַגע, אַף וואָס גראַד פֿאַר אַ פּינטל פֿון וועג געפֿינען מיר זיך. איצט זעט שוין גאַניץ אייראָפּע, אַז איבער אונדזער רעוואָלוציע ווערן ניט געמאַכט קיינע עקספּערימענטן, און בײַ זיי, בײַ די ציוויליזירטע פֿעלקער האָט זיך געענדערט די באַציִונג צו אונדז, זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם זין טוען מיר אַ נייע גרויסע זאַך, אַז טוענדיק די דאָזיקע זאַך, איז אונדז באַזונדערס שווער, ווייל קימאַט די

גאַנצע צייט זיינען מיר געשטאַנען גאָר איינזאַם און פאַרגעסענע פון צווישנפעלקערלעכן פּראָלעטאַריאַט.

און אָט אין דעם זין האָבן מיר געמאַכט אַסאַך טעותן, וועלכע מיר האָבן באַהאַלטן. ס'פאַרשטייט זיך, מיר האָבן געדאַרפט שטרעבן צו פאַרייניקונג פון דער באַפעלקערונג, ניט אָנמאַכן קיין שום רייסעניש. אויב מיר האָבן עס ניט געטאָן ביז איצט, האָבן מיר עס געדאַרפט אָנהויבן טאָן. מיר האָבן שוין זיך פאַראייניקט מיט אַסאַך אָרגאַניזאַציעס. איצט דאַרף פאָרקומען די פאַרייניקונג צווישן דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע און די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס. פון אַפּרעל כוידעש פון לויפנדיקן יאָר זיינען מיר צוגעטראָטן צו דער אָרגאַניזירונג, קעדיי צו אַרבעטן אַפן סמאַך פון דערפאַרונג, קעדיי דורכפירן אין לעבן די אָנזאַמלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פּאָליטישע קוילעס, וואָס זיינען בײַ אונדז פאַראַן.

מיר זיינען צוגעטראָטן צום אָרגאַניזירן די באַזאָרגונג און די צוטיילונג פון די פּראָדוקטן צווישן דער באַפעלקערונג, קאָ[illegible]נדיק יעדן טריט אונדזערן, זיינען מיר צוגעטראָטן צו דערדאָזיקער אָרגאַניזירונג, וואָס איז באַזונדערס שווער געווען דורכצופירן אין אונדזער ווירטשאַפטלעך־אָפּגעשטאַנענעם לאַנד. די פאַרשטענדיקונג מיט דער קאָאָפּעראַציע האָבן מיר אָנגעהויבן פון אַפּרעל כוידעש און דער דעקרעט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן וועגן דעם פולקאָמען צונויפגיסן און אָרגאַניזירן די באַזאָרגונג אין פאַנאַנדערטיילונג, שטייט נאָך אַפן זעלבן באָדן. מיר ווייסן, אַז די רייבונגען, אַף וועלכע ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן אין דער רעדע פון פאָריקן רעדנער, ווען ער האָט זיך געשטיצט אַף פּעטערבורג, עקזיסטירן קימאַט אומעטום. מיר ווייסן, אַז די־דאָזיקע רייבונגען זיינען גאַנץ אומפאַרמיידלעך, ווייל ס'קומט אָן דער מאָמענט, ווען ס'באַגעגענען זיך און ס'ווערן צונויפגעגאָסן צוויי גאַנץ פאַרשיידענע אַפּאַראַטן, נאָר פונדעסטוועגן ווייסן מיר אויך, אַז דאָס איז אומפאַרמיידלעך, אַז מיר דאַרפן עס דורכגיין. דיזעלבע זאַך דאַרפט איר אויך פאַרשטיין, אַז דער ווידערשטאַנד פון דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, האָט טאָפּקאָלסאָף אַרויסגערופן צו זיך אַן אומצוטרוי, אין אַ געזעצלעכן אומצוטרוי, מיצאַד דער סאָוועטנמאַכט.

איר זאָגט — מיר ווילן אומאָפּהענגיקייט. איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז יעדערער, וואָס רוקט אַרויס אַזאַ לאָזונג, קאָן אַרויסרופֿן אַ מיסטרוי. אויב מען זאָל זיך באַקלאָגן אַף די רייבונגען און וועלן פּאָטער ווערן פֿון זיי, דאַרף מען זיך פֿריִער פֿון אַלץ זעגענען מיט דער אידייע וועגן אומאָפּהענגיקייט, ווײַל יעדער איינער, ווער עס שטייט אַף אַזאַ שטאַנדפּונקט, איז שוין אַ קעגנער פֿון דער סאָוועטנמאַכט אין דער צייט, ווען אַלץ שטרעבט זיך ענגער צונויפֿגיסן מיט איר. ווי נאָר באַ דער קאָאָפּעראַציע וועט פֿאָרקומען אַ גאַנץ קלאָרע, ערלעכע און אָפֿענע פֿאַראייניקונג מיט דער סאָוועטן־מאַכט, וועלן די דאָזיקע רייבונגען אָנהויבן פֿאַרשווינדן. איך ווייס זייער גוט, אַז ווען צוויי גרופּן פֿאַראייניקן זיך אין איינער, קומט די ערשטע צייט אין דער אַרבעט פֿאָר אַ געוויסער אָפּהאַלט, נאָר פֿונדעסטוועגן מיט דער צייט, ווען די צוגעצויגענע גרופּע פֿאַרדינט דעם צוטרוי פֿון דעם, וועלכע האָט איר צוגעצויגן, מוזן די רייבונגען ביסלעכווייז פֿאַרשווינדן. אויב אָבער די צוויי גרופּן זאָלן זיין צעשיידט, זיינען מעגלעך שטענדיקע צווישנאַמטלעכע רייבונגען. איך פֿאַרשטיי אָבער ניט איינס — צוליב וואָס דאַרף מען דאָ די „אומאָפּהענגיקייט"? מיר שטייען דאָך אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די גאַנצע געזעלשאַפֿט סיי אין פּראַט פֿון באַזאָרגונג, סיי אין פּראַט פֿון פֿאַנאַנדערטיילונג דאַרף מיט זיך פֿאָרשטעלן איין אַלגעמיינעם קאָאָפּעראַטיוו. מיר אַלע שטייען אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די קאָאָפּעראַציע איז איינע פֿון די דעראָבערונגען פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין דעם באַשטייט די גרויסע שוועריקייט פֿון די סאָציאַליסטישע דעראָבערונגען. אין דעם באַשטייט די אויפֿגאַבע און די שוועריקייט פֿון זיי. דער קאַפּיטאַליזם האָט מיט אַ קיוון צעשיידט די שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. די דאָזיקע צעשיידונג מוז פֿאַרשווינדן אַף שטענדיק און אַלעמאָל, און די גאַנצע געזעלשאַפֿט דאַרף זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַן איינהייטלעכן קאָאָפּעראַטיוו פֿון די אַרבעטנדיקע. וועגן קיין שום אָפּהענגיקייט פֿון איינצלנע גרופּן קאָן ניט און טאָר ניט זיין קיין שום רייד.

וועגן אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו האָב איך אַ ציִנד גערעדט, ווי וועגן אַן אויפֿגאַבע פֿון סאָציאַליסטישן ניצאָכן. אָט פֿאַרוואָס מיר זאָגן, אַז אין וואָס עס זאָלן ניט באַשטיין אונדזערע כלוקעדייעס אין איינצלנע פֿראַגן, וועלן מיר ניט איינגיין אַף קיינע פּשאָרעס מיטן קאַפּיטאַ־

ליזם, מיר וועלן ניט מאַכן קיין איין טראָט צוריק פֿון די פּרינציפּן פֿון אונדזער קאַמף. אָט די פּשאָרע, אַף וועלכע מיר גייען איצט איין מיט די צווישנשיכטן פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע קלאַסן — דאָס איז אַ פֿאַרשטענדיקונג ניט מיט דער בורזשואַזיע, ניט מיטן קאַפּיטאַל, נאָר מיט די באַזונדערע אָפּטיילן פֿון פּראָלעטאַריאַט און דעמאָקראַטיע. פֿאַר דערדאָזיקער פֿאַרשטענדיקונג איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן, ווייל די גאַנצע מאַכלויקעס צווישן דידאָזיקע שיכטן וועט פֿאַרשווינדן אינגאַנצן אין פֿייער פֿון דער רעוואָלוציע. איצט דאַרף מען נאָר איינס, אַז מען זאָל אַלע אָנפּניעסדיק שטרעבן צו גיין מיט אַן אָפֿענער נעשאָמע אין דעמדאָזיקן איינהייטלעכן וועלט־קאָאָפּעראַטיוו. דאָס, וואָס איז געטאָן געוואָרן פֿון דער סאָוועטנמאַכט, און דאָס, וואָס ס'האָבן געטאָן די קאָאָפּעראַטיוון, דאַרף איצט צונויפֿגעגאָסן ווערן. דאָס איז דער אינהאַלט פֿון דעם לעצטן דעקרעט פֿון דער סאָוועטנמאַכט, אַזאַ איז דער צוגאַנג פֿון אַסאַך פֿאָרשטייער פֿון דער סאָוועטנמאַכט אַף די ערטער, וואָס האָבן זיך ניט דערוואַרט אַף אונדזער דעקרעט. די גרויסע זאַך, וואָס איז אויפֿגעטאָן געוואָרן פֿון דער קאָאָפּעראַציע, דאַרף איצט צונויפֿגעגאָסן ווערן מיט דער גרויסער זאַך, וואָס ס'האָט אויפֿגעטאָן די סאָוועטנמאַכט. אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, וועלכע קעמפֿן פֿאַר זייער פֿרייהייט, דאַרפֿן אַצינד פֿאַראייניקט ווערן אין איין שטאַרקער אָרגאַניזאַציע. מיר ווייסן, אַז מיר האָבן אַסאַך פֿעלערן געמאַכט, איבערהויפּט אין די ערשטע כאַדאָשים נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. נאָר איצט, מיט דער צייט, וועלן מיר שטרעבן, אַז צווישן דער באַפֿעלקערונג זאָל זיין אַ פֿולקאָמע פֿאַרשטענדיקונג און אייניקייט און דעריבער איז נויטיק, אַז אַלץ זאָל זיין אונטערטעניק דער סאָוועטנמאַכט, און אַלע אילוזיעס וועגן עפּעס אַן אומאָפּהענגיקייט סאַי פֿון באַזונדערע שיכטן און סאַי פֿון דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע, דאַרפֿן, וואָס גיכער אויסגעלעבט ווערן. די דאָזיקע האָפֿענונג אַף אומאָפּהענגיקייט קאָן עקזיסטירן נאָר דאָרטן, ווו ס'קאָן נאָך זיין אַ האָפֿענונג אומצוקערן זיך ווי עס איז צום פֿריערדיקן.

פֿריער האָבן די מאַירעוו־פֿעלקער געקוקט אַף אונדז און אַף אונדזער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווי אַף אַ קוריאָז. זיי האָבן געזאָגט: „זאָל זיך דאָס פֿאָלק אַביסל פֿאַרווילן, און מיר וועלן

זעען, וואָס פֿון דעם וועט אַרויס. „אַ מאָדנער פֿאָלק איז דאָס רוסישע". און אָט דאָס דאָזיקע מאָדנע רוסישע פֿאָלק „האָט באַוויזן דער גאַנצער וועלט, וואָס באַטייט זיין „פֿאַרוויילונג".

איצט, ווען ס'איז אָנגעקומען דער אָנהייב פֿון דער דייטשישער רעוואָלוציע, האָט איינער פֿון די אויסלענדישע קאָנסולן געזאָגט זינאָוויעוון: „ס'איז נאָך ניט באַוווּסט, ווער האָט מער אויסגעניצט דעם בריסקער שאָלעם, מיר אָדער איר".

ער האָט עס געזאָגט, ווייל אַלע ריידן די זעלביקע זאַך. אַלע האָבן דערזען, אַז דאָס איז נאָר דער אָנהייב פֿון דער אַלוועלטלעכער גרויסער רעוואָלוציע. און אָט דעם אָנהייב פֿון דער גרויסער רעוואָלוציע האָבן געמאַכט מיר, דאָס אָפּגעשטאַנען מאָדנע פֿאָלק... מען דאַרף זאָגן, אַז די געשיכטע גייט מיט מעשונעדיקע וועגן: אַפֿן גורל פֿון אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד איז אויסגעפֿאַלן דער קאָוועד צו גיין בעראָש פֿון אַ גרויסער אַלוועלטלעכער באַוועגונג. די דאָזיקע באַוועגונג זעט אין פֿאַרשטייט די בורזשואַזיע פֿון דער גאַנצער וועלט, מיטן דאָזיקן פֿייער איז אַרומגעכאַפּט: דייטשלאַנד, בעלגיע, שווייץ און האָלאַנד.

מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער די דאָזיקע באַוועגונג, מיט יעדן טאָג וואַקסט און פֿאַרשטאַרקט זיך די רעוואָלוציאָנערע סאָוועטישע רעגירונג. און דעריבער האָט זיך איצט די בורזשואַזיע געשטעלט גאָר אַף אַן אַנדער וועג אין איר באַציונגען צו פֿראַגן. און דעריבער קאָן וועגן אומאָפּהענגיקייט פֿון איינצלנע פּאַרטייען אין דער צייט, ווען די וועלט־האַק הענגט איבערן קאַפּיטאַליזם, גאָר קיין רייד ניט זיין. דעם בעסטן ביישפּיל גיט אונדז אַמעריקע. אַמעריקע איז איינע פֿון די סאַמע דעמאָקראַטישע לענדער, אַ גרויסע דעמאָקראַטישע סאָציאַלע רעפּובליק, ווו זשע, אויב ניט דאָרטן, אין דעם דאָזיקן לאַנד, וואָס האָט אַלע וואַל־רעכט, אַלע רעכט פֿון אַ פֿרייער מעדינע, דאַרפֿן אַלע רעכטלעכע פֿראַגן ריכטיק באַהאַנדלט ווערן.

וואָס טוען איצט די ווילסאָנס מיטן באַזיגטן דייטשלאַנד? אָט ווי עס וויקלען זיך פֿאַר אונדז פֿאַנאַנדער די בילדער פֿון די אַלוועלטלעכע פֿאַרהעלטענישן. יענע בילדער, פֿון וועלכע מיר שעפּן דעם

אינהאַלט פֿון דעם, וואָס די הערן ווילסאָנס לייגן פֿאָר זייערע פֿרײַנט, זײַנען אין אַ מיליאָן, אין אַ טריליאָן מאָל איבערצייגנדיקער.

אונדזערע איניאָנים וואָלטן די ווילסאָנס דערפֿירט ביז אַ סאָף מאָמענטאַל. די דאָזיקע הערן — די פֿרײַע מיליאַרדערן, די סאַמע הי־מאַנישע מענטשן אין דער וועלט, — וואָלטן געקאָנט זייערע פֿרײַנט גלייך אָפּגעווייגן ניט נאָר פֿון רייד, נאָר אַפֿילו פֿון קלערן וועגן אַ וועלכער עס איז „אומאָפּהענגיקייט“. זיי וואָלטן אָפֿן און קלאָר אַוועקגעשטעלט פֿאַר זיי די דילעמע: אָדער איר זייט פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אָדער איר זייט פֿאַר די סאָוועטן. זיי וואָלטן געזאָגט: „איר דאַרפֿט אַזוי טאָן, ווייל דאָס האָבן אויך געזאָגט אייערע פֿרײַנט — די ענגלענדער, די אַמעריקאַנער, — די ווילסאָנס און פֿראַנצויזן — די פֿרײַנט פֿון קלעמאַנסאָ 15).

דעריבער קאָן בײַ אונדז ניט זײַן אַבסאָלוט קיין שום האָפֿענונג, אַז ס'קאָן אײַנגעהיט ווערן כאָטש אַ וועלכע עס איז אומאָפּהענגיקייט. דאָס וועט ניט זײַן אין ס'איז אומזיסט צו האָפֿן אויף דעם, ווען ס'איז אָפֿן געשטעלט געוואָרן די פֿראַגע וועגן באַזיצן דאָס אייגנטום פֿון איין זײַט, און דער פּראָלעטאַריאַט האָט געפֿונען זײַן שטעג פֿון דער צווייטער זײַט — קאָן שוין קיין מיטן ניט זײַן. דאָס לעבן דאַרף צונויפֿלעכטן זיינע צווייגן אָדער פֿעסט מיטן קאַפּיטאַל, אָדער נאָך שטאַרקער מיט דער סאָוועטן־רעפּובליק.

איך מוז זאָגן, אַז די מיינונגפֿאַרשיידנהייטן, וועלכע האָבן זיך נאָך פֿון אָנהויב אָן אַרויסגעוויזן וועגן אײַנהיטן די „אומאָפּהענגיקייט“ פֿון דער קאָאָפּעראַציע — דאָס זײַנען בלויז פֿראַזן, וועלכע דאַרפֿן זיך פֿאַרענדיקן אָן קיין שום האָפֿענונג אויף אַ פּאָזיטיווער לייזונג. דער דאָזיקער קאַמף איז ניט קיין ערנסטער. מען פֿאַרגעסט, אַז די רעוואָלוציע, וואָס עס טראָגט טעגלעך אַרויס דער שטאַרקסטער קלאַס אין דער וועלט, וואָס עס וועט אָן צווייפֿל איינשטימיק אַרויסטראָגן אויך אונדזער צוזאַמענפֿאָר־פֿאַרזאַמלונג, באַווײַזן די דיקטאַטור נאָר פֿון איין פּראָלעטאַריאַט אין דער וועלט. אַרויסטראָגנדיק די דאָזיקע רעוואָלוציע, איז אונדזער צוזאַמענפֿאָר אַרויף אויף אַזאַ וועג, פֿון וועלכער ס'איז שוין קיין בריקל צו דער „אומאָפּהענגיקייט“, וועגן וועלכער עס רעדט זיך היינט, ניט געבליבן און ס'קאָן ניט בלײַבן. איר ווייסט, ווי קאַרל ליבקנעכט

האָט זיך ניט נאָר געשטעלט אין אַ באַשטימטער אָפּאָזיציע צום קליינבירגערלעכן פּויערטום, נאָר ווי ער האָט זיך געשטעלט אין אָפּאָזיציע אויך צו דער קאָאָפּעראַציע, איר ווייסט, אַז שיידעמאַן 16) און קאָמפּ. האַלטן אים פֿאַר אַ פֿאַנטאַזיאָר, פֿאַר אַ פֿאַנאַטיק און פֿון דעסטוועגן האָט איר אים אויסגעדריקט אַ באַגריסונג, דיזעלבע זאַך, ווי איר האָט באַגריסט אויך מאַקלינען 17). מיט דעמדאָזיקן אויסדרוק פֿון סאָלידאַרישקייט אין די פֿראַגן מיט די גרויסע וועלט־פֿירער האָט איר פֿאַרברענט אַלע אייערע שיפֿן. איר דאַרפֿט פֿעסט שטיין אַף אייערע פּאָזיציעס, ווייל אין געגעבענעם מאָמענט פֿאַרטיידיקט איר ניט נאָר זיך, נאָר אויך די רעכט פֿון ליבקנעכטן און מאַקלינען. איך האָב ניט איינמאָל געהערט, אַז די רוסישע מענשעוויקעס האָבן פֿאַרורטיילט די פּשאָרעמאַכעריי, ווי זיי זיינען אָנגעפֿאַלן אַף די, וואָס האָבן אונטערהאַנדלט מיט די לאַקייען פֿון קייזער. און ניט נאָר די רוסישע מענשעוויקעס זיינען זינדיק אין דעם. די גאַנצע וועלט האָט אַף אונדז געטייטלט, וואַרפֿנדיק אונדז מיט גרימצאָרן — „פּשאָרעמאַכעריי“. און איצט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט־רעוואָלוציע, ווען זיי קומט אויס צו ריידן מיט האַזען 18), מיט קאַוטסקען, איצט האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן, כאַראַקטעריזירנדיק אונדזער לאַגע מיטן אויסגעצייכנטן רוסישן שפּריכוואָרט:
„לאָמיר אָפּגיין און זען, ווי גוט מיר זיצן“...

מיר ווייסן אונדזערע פֿעלערן, און אַף זיי איז גרינג אָנווייזן. נאָר פֿון דער זייט זעט אויס ניט אַזוי, ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. איר ווייסט, אַז ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען ס'איז ניט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל ניט פֿאַרורטיילן אינדזער אויפֿפֿירונג און אונדזער פּאָליטיק, און איצט ווייסן מיר גאַנצע פּאַרטייען, וואָס זיינען צו אינדז געקומען, וואָס ווילן אַרבעטן צוזאַמען מיט אינדז. דער וועלט־רינג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך אַ קער געטאָן אַזוי, אַז אונדז זיינען אַבסאָליוט ניט שרעקלעך קיינע פּשאָרעס.

איך רעכן, אַז אונדזער צוזאַמענפֿאָר וועט געפֿינען אַ ריכטיקן אויסוועג פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע, און דער אויסוועג איז איינער — צונויפֿגיסן די קאָאָפּעראַציע מיט דער סאָוועטנמאַכט. איר ווייסט, אַז ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, אַמעריקע, שפּאַניע האָבן געקוקט אַף אונדזער האַנדלונג, ווי אַף אַן עקספּערימענט און איצט קוקן זיי שוין אַנדערש: זיי קוקן

אייב אַלײן איז קעשורע אַף ייעדע אײגענע מעדינעס. ס'איז קלאָר, אַז פון פיזישן, מאַטעריעלן, פינאַנציעלן שטאַנדפונקט זײנען זײ באַדײטנדיק שטאַרקער פון אונדז, נאָר ניט געקוקט אַף זײער אױסערלעכן גלאַנץ, װײסן מיר, אַז פון אינעװײניק פױלן זײ; זײ זײנען שטאַרקער פאַר אונדז אין געגעבענעם מאָמענט מיט דעם קױעך, מיט דער מאַכט, מיט װעלכער ס'איז שטאַרק געװען דײטשלאַנד אין מאָמענט פון שליסן דעם בריסקער שאָלעם. װאָס זעען מיר איצט? דאַן האָבן זיך אָפּגעװאָרפן פון אונדז אַבסאָליוט אַלע, און איצט יעדן כוידעש באַשיצן מיר די פאַרפעסטיקונג פון דער סאָװעטן-רעפּובליק, מיר פאַרטײדיקן ניט נאָר זיך, נאָר אויך די זאַך, װאָס ס'האָט אָנגעהױבן ליבקנעכט און מאַקלין; און מיר זעען װי ענגלאַנד, פראַנקרײך, אַמעריקע, שפּאַניע שטעקן זיך אָן מיט דערזעלביקער כאַלאַנעס, צינדן זיך אָן מיטן זעלביקן פײער, װי אויך דײטשלאַנד — מיטן פײער פון אַלגעמײנעם און אַלװעלטלעכן געראַנגל פון אַרבעטער-קלאַס מיטן אימפּעריאַליזם.

(לענין, 15-טער באַנד, 581 — 589 זײַטלעך).

---

# די קאָאָפּעראַטיוון — אַ נויטיקער אַפּאַראַט.

(פֿון אַ רעדע אַפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די פֿאָלקווירטשאַפֿט=ראַטן, דעם 19=טן דעקאַבר 1918 יאָר).

ווען איך זע די מיטגלידער פֿון די פֿאָלקווירטשאַפֿט=ראַטן, וועל=כע דערקלערן, אַז די קאָאָפּעראַציע איז אַ קרעמערישער געשעפֿט, אַז דאָרטן שטייען מענשעוויקעס, אַז דאָרטן שטייען ווייסגוואַרדייער אין דערפֿאַר דאַרף מען זיך פֿון זיי האַלטן פֿון ווייטן, — זאָג איך, אַז די=דאָזיקע מענטשן ווייזן אַרויס, אַז זיי פֿאַרשטייען גאָרניט דעם איניען. זיי פֿאַרשטייען אַבסאָליוט ניט די אויפֿגאַבן פֿון מאָמענט, ווען אָנשטאַט אָנצווייזן אַף די נוציקע קאָאָפּעראַטאָרן, ווי אַף ספּעציאַליסטן, ווייזן זיי אָן אַף זיי ווי אַף מענטשן, וואָס שטרעקן אויס אַ האַנט די ווייס=גוואַר=דייער. איך באַשטעטיק, אַז זי באַשעפֿטיקן זיך ניט מיט זייער געשעפֿט, — אַף צו לאַפֿן ווייסגוואַרדייער זיינען באַ אונדז פֿאַראַן אויסעראָרדנט=לעכע קאָמיסיעס, זאָל מען זיי לאָזן טאָן זייער זאַך. די קאָאָפּעראַטיוון אָבער זיינען דער איינציקער אַפּאַראַט, וואָס די אימפּעריאַליסטישע גע=זעלשאַפֿט האָט געשאַפֿן, וועלכן מיר קאָנען אויסנוצן. דעריבער וועלן מיר יעדן פּרווו צו פֿאַרבייטן די אַרבעט מיט שמועסן, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון קורצזיכטיקייט אין סאַמע גראָ=בער טעמפּטקייט, אינטעליגענטישער גאַיווע, פֿאַרפֿאָלגן מיט אומבע=ראַכמאָנעסדיקע רעפּרעסיעס לויט די קריג=טאַקאָנעס.

אויב איצט אין אַ יאָר אַרום איז נאָך די זאַך ניט איינגעאָרדנט, ווי מען באַדאַרף, אויב אין דער צייט, ווען פֿאַר אונדז שטייען פּראַק=טישע אויפֿגאַבן, האַלטן מיר נאָך אין פֿאָרזעצן די באַהאַנדלונג פֿון די פֿלענער און דאָס לאַנד פֿאָדערט ברויט, וואַרעמע שוכוואַרג, פֿאָדערט,

אַז מען זאָל באַצייטנס פֿאַנאַנדערטיילן די רוויווערג — איז אַזאַ פֿאַרשלעפּעניש און אַריינרייסן זיך אין אַ פֿרעמדן געביט ניט דערלאָזבאַר.

באַ אונדזער אַפּאַראַט שטייען אָפֿט מענטשן, וועלכע זיינען אַמאָל נוימע צו די ווייסגוואַרדייער, נאָר האָבנדיק אין אַלע אונדזערע אַנטשטאַלטן אַ קאָמוניסטישן קאָנטראָל, קענען דיזאָזיקע לייט ניט באַקומען קיין פּאָליטישע באַדייטונג און קיין אָנפֿירנדיקע ראָלע. וועגן דעם קען גאָר קיין רייד ניט זיין. מיר אָבער דאַרפֿן זיי האָבן ווי פּראַקטישע טוער און שרעקן זיך, פֿאַר זיי איז ניטאָ וואָס. איך צווייפֿל ניט, אַז די קאָמוניסטן זיינען אויסגעצייכנטע מענטשן, צווישן זיי זיינען פֿאַראַן אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַטאָרן, נאָר קעדיי צו באַקומען דיזאָזיקע אָרגאַניזאַטאָרן אין אַ גרויסער צאָל, פֿאָדערן זיך יאָרן און יאָרן, און מיר האָבן ניט קיין צייט צו וואַרטן.

איצט קענען מיר אַזעלכע טוער באַקומען פֿון דער בורזשואַזער סוויווע, פֿון די ספּעציאַליסטן און פֿון דער אינטעליגענץ. און מיר וועלן מאָנען באַ יעדן כאַוועך, וואָס אַרבעט אין פֿאָלקווירטשאַפֿט־ראַט: וואָס האָט איר, מיינע הערן, געטאָן, קעדיי צוציען צו דער אַרבעט געניטע מענטשן; וואָס האָט איר געטאָן, קעדיי צוציען ספּעציאַליסטן, קעדיי צוציען אָנגעשטעלטע בעריעס, בורזשואַזע קאָאָפּעראַטאָרן, וועלכע דאַרפֿן אַרבעטן באַ אונדז ניט ערגער ווי זיי האָבן געאַרבעט באַ די קאַפּיטאַליסטן, מיטקייצכאַל וואַרענע, לאָפּאַיעוונס און ראַזוואַיעווס? 19) ס'איז שוין צייט אָפּצוזאָגן זיך פֿון דעם פֿריערדיקן פֿאָרורטייל און רופֿן אַלע נויטיקע ספּעציאַליסטן צו אונדזערע אַרבעטן. דאָס דאַרפֿן וויסן אַלע אונדזערע קאָלעגיאַלע פֿאַרוואַלטונגען, אַלע אונדזערע קאָמוניסטישע טוער. און אַזאַ באַציונג צו דער זאַך איז די גאַראַנטיע פֿון אונדזער דערפֿאָלג.

ס'איז גענוג צו פֿירן פּוסטע שמועסן, איצט איז אָנגעקומען די צייט איבערצוגיין צו פּראַקטישער אַרבעט, וואָס קען אַרויספֿירן אונדזער לאַנד פֿון דעם קריזיס, אין וועלכן ס'האָבן איר איינגעשלאָסן די אימפּעריאַליסטן. אַפֿן דאָזיקן שטאַנדפּונקט דאַרפֿן שטיין אַלע סאָוועטישע און קאָאָפּעראַטיווע אַפּאַראַטן. מיר דאַרפֿן אַרבעטן, אַרבעטן און אַרבעטן. אויב דער פּראָלעטאַריאַט, נעמענדיק די מאַכט אין זיינע הענט, וועט זיך ניט קענען באַנוצן מיט זיין מאַכט, וועט ניט קענען פּראַקטיש

שטעלן אַ פֿראַגע און פּראַקטיש איר לייזן, וועט ער פֿאַרלירן זייער אַסאַך. ס׳איז שוין צייט אוועקוואַרפֿן דעם פֿאָרורטייל, אַז קלוימערשט נאָר די קאָמוניסטן, צווישן וועלכע ס׳זיינען אָן צווייפֿל פֿאַראַן זייער פֿיינע לייט, קענען דורכפֿירן אַ באַשטימטע אַרבעט. שוין צייט צו וואַרפֿן דעמאָזיקן פֿאָרורטייל: מיר דאַרפֿן האָבן טוער, געשעפֿט און געשעפֿט־מענטשן, און מיר דאַרפֿן זיי אַלעמען צוציִען צו דער אַרבעט.

דער קאַפּיטאַליזם האָט אונדז איבערגעלאָזן אַ גרויסע ירושה, ער האָט אונדז איבערגעלאָזן זיינע גרויסע ספּעציאַליסטן, מיט וועלכע מיר דאַרפֿן זיך אומבאַדינגט באַנוצן, און באַנוצן זיך אין אַ גרויסן מאַסן־מאַסשטאַב, לאָזנדיק זיי אַלעמען אין גאַנג.

פּאַטערן צייט אויף צוגרייטן ספּעציאַליסטן פֿון אונדזערע קאָמוניסטן האָבן מיר גאָר קיין צייט ניט, ווייל איצט איז די גאַנצע זאַך נאָר אין דער פּראַקטישער אַרבעט, אין די פּראַקטישע רעזולטאַטן.

מען דאַרף שטעלן די פֿראַגע אַזוי, אַז יעדער מיטגליד פֿון קאָלעגיע, יעדער מיטגליד פֿון אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן אַנשטאַלט זאָל נעמען אין האַנט דעם גאַנצן געשעפֿט, זייענדיק אין גאַנצן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אים. ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז יעדער איינער, וואָס האָט גענומען אויף זיך אַ באַשטימטן געביט פֿון אַרבעט, זאָל זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַלץ: אי פֿאַר דער פּראָדוקציע, אי פֿאַר דער פֿאַנאַנדערטיילונג. איך מוז אייך זאָגן, אַז די לאַגע פֿון דער סאָוועטן־רעפּובליק איז אַזאַ, אַז באַם ריכטיקן פֿאַנאַנדערטיילן די ברויט און די אַנדערע פּראָדוקטן קענען מיר זיך האַלטן זייער און זייער לאַנג. נאָר דאָ איז אומבאַדינגט נייטיק אַ ריכטיקע פּאָליטיק, מ׳דאַרף אַנטשלאָסן צורייסן מיט יעדער פֿאַרשלעפּעניש, מ׳דאַרף האַנדלען גיך און אַנטשיידן, מ׳דאַרף באַשטימען באַשטימטע פּערזאָנען אויף אַ באַשטימטער פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט, מ׳דאַרף, אַז יעדע פֿון די דאָזיקע פּערזאָנען זאָל וויסן באַשטימט זיין זאַך און זאָל באַשטימט זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם, טראָגן אַכריות ביז צו שיסונג. אָט איז די פּאָליטיק, וואָס מיר פֿירן אין ראַט־פֿאָלקאָם, אין שויך־ראַט, און דעראָזיקער פּאָליטיק דאַרף מען אונטערוואַרפֿן די גאַנצע טעטיקייט פֿון די פֿאָלקווירטשאַפֿט־ראַטן און פֿון די קאָאָפּעראַציוון. אָט איז דער וועג, מיט וועלכן ס׳דאַרף גיין די פּאָליטיק פֿון פּראָלעטאַריאַט.

מען מוז אַוועקשטעלן די פֿראַגע אַזוי, אַז די ראָד פֿון סאָוויירע־
אומבייט זאָל זיך באַ אונדז דרייען ריכטיק. אין דעם איז איצט די גאַנצע
אויפֿגאַבע; אויף דעם געבויט שטייט אונדז פֿאַר אַ גרויסע אַרבעט און צו
דערדאָזיקער אַרבעט וועל איך זיך דערלויבן, מאַכנדיק אַן אויספֿיר פֿון
דעם, וואָס איך זאָג איצט, אייך אַלעמען רופֿן.

לענין באַנד XV, ז. ז. 603 — 605.



# באַמערקונגען צו דער רוסישער אויסגאַבע.

1). „ווען איך האָב גענומען שרײַבן וועגן דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, האָב איך ציטירט מײַן אַרטיקל פֿון 1918-טן יאָר וועגן מעלוכע-קאַפּיטאַליזם". דער אַרטיקל, וועגן וועלכן ס'רעדט וו. אי. איז וועגן „לינקער קינדערישקייט" און וועגן „קלײנבירגערלעכקייט", וואָס איז אָנגעשריבן וואָרן אין מאַרט 1918-טן יאָר און וואָס איז געווען געווענדעט קעגן דער גרופּע „לינקע" קאָמוניסטן (די קעגנער פֿון בריסקער שאָלעם). אין זײַן בראָשור „וועגן דערנערונג-שטײַער" (1921-טן יאָר) ברענגט לענין פֿון איר אַ גרויסן אויסצוג אונטער נאָמען „די איצטיקע עקאָנאָמיק פֿון רוסלאַנד".

2). ראָבערט אָווען (1771 — 1858 יאָרן). אַן ענגלישער סאָציאַליסט פֿון פֿאַר מאַרקס פּעריאָד, אײנער פֿון די שאַפֿער פֿון דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. ער האָט געפּרײדיקט סאָציאַלע רעפֿאָרמען און האָט זיך נעגאַטיוו באַצויגן צום פּאָליטישן קאַמף פֿון אַרבעטער-קלאַס און צום רעוואָלוציאָנערן וועג.

3. די בראָשור „צו דער דאָרפֿישער אָרעמקייט" איז געווען אָנגעשריבן פֿון וו. אי. אין 1903-טן יאָר, אין אַ יאָר אַרום נאָך דער פּויערישער אויפֿשטאַנד-כוואַליע אין דאָרעם און דאָרעם-מיזרעך פֿון רוסלאַנד. די אונטערקעפּל צו דער דאָזיקער בראָשור — „אַ דערקלערונג פֿאַר פּויערים, וואָס ווילן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן".

4). אַרבעטער סאָציאַל-דעמאָקראַטן. ווי אין דעם געבראַכטן אויסצוג, ווי אין דער גאַנצער בראָשור פֿיגורירן בלויז סאָציאַל-דעמאָקראַטן, און ניט די באָלשעוויקעס. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די בראָשור איז אָנגעשריבן געוואָרן אין מאַי 1903-טן יאָר. דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר, אויף וועלכן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זיך צעטײלט אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, איז פֿאָרגעקומען צום סוף יולי, אָנהייב אויגוסט פֿון 1903-טן יאָר.

5). „ס'געפֿינען זיך אַפֿילע מענטשן, וועלכע רופֿן זיך אָן „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" און זיי שרײַען אויך, אַז דער פּויער איז מער פֿון אַלץ נויטיק די קאָאָפּעראַציע".

די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן איז אנשטאַנען אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט און האָט געיאַרשענט באַ אירע פאָרגענגער די נאַראָדניקעס פון די 90—80 יאָרן פון 19 יאָרהונדערט דעם אַלטן פאַרורטייל וועגן דער רעוואָלוציאָנערער ראָלע פון אַרטעלן (לאַנד־ווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע) און געמיינדע־איינאָרדענונג. דער כאַווער לענין האָט ניט איינמאָל אויפגעדעקט די קליינבירגערלעכקייט און רעאַקציאָנערישקייט פון די דאָזיקע אָנשויונגען אַף די שפּאַלטן פון „איסקראַ" (1900—1903).

3). „די פראַגע וועגן די קאָאָפּעראַטיוון אַפן צווישנפעלקערלעכן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען". דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז פאָרגעקומען אין 1910־טן יאָר. לענין, ווי איינער פון די קאָנגרעס־דעלעגאַטן, איז אַריין אין באַשטאַנד פון דער קאָמיסיע, וואָס דער קאָנגרעס האָט איינגעשטעלט. וו. אי. לענינס אַרטיקל וועגן קאָנגרעס איז געווען אָפּגעדרוקט אין 17־טן נומער פון דער אומלעגאַלישער באָלשעוויסטישער צייטונג „סאָציאַל־דעמאָקראַט" דעם 25־טן אָקטיאַבר 1910־טן יאָר.

7). זשאַרעס איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; זשאַרעס איז געהרגעט געוואָרן דעם 31 יולי פון 1914־טן יאָר, ערעוו דער וועלט־מילכאָמע פון די פראַנצויזישע שוואַרצמייעניקעס. ער איז געשטאַנען בעראָש פון דעם רעכטן רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער פּאַרטיי (קוקט די נייטע באַמערקונג) און האָט געפּרוווט פאַראייניקן דעם מאַרקסיזם מיט די ניט מאַטעריאַליסטישע, אידעאַליסטישע אָנשויונגען.

8). די אַלגעמיינע פעדעראַציע אַסאָציאַציעס — אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע פאַראייניקונגען. די דערמאָנטע אין טעקסט נעפּלדיקע פראַזן פון זשאַרעסן זיינען אַן איבערלעבעניש פון די פריערדיקע סאָציאַליסטן (ביז מאַרקסן), וועלכע האָבן געהאָפט, אַז מען קען פרידלעך אַרויסשטויסן דעם קאַפּיטאַליזם, פאַרשפּרייטנדיק אַ נעץ פון פּראָדוקציע־קאָאָפּעראַטיוון.

9). געד (1845—1922) דער טעאָרעטישער פירער און גרינדער פון דער פראַנצויזישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע האָט די ערשטע אָנגענומען די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם. ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטגליד פון דער ביוראָ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן האָט ער געפירט אַ קאַמף מיטן צווישנפעלקערלעכן און פראַנצויזישן רעוויזיאָניזם. אין אָנהויב פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע איז געד געוואָרן אַ לאַנד־פאַרטיידיקער.

10) עלב, א דײטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַט, א רעפאָרמיסט.

11) „איר ביסאָרן באַשטײט אין דעם, װאָס זי האָט דערלאָזן אײן רעװיזיאָניסטישע פראַזע". רעװיזיאָניזם אָדער רעפאָרמיזם רופט זיך די פאַרקריפּלונג פון מאַרקסיזם, װעלכע ס'האָט דער ערשטער געמאַכט דער דײטשישער ס.-ד. בערנשטײן און איז דערנאָך פאַרשפּרײט געװאָרן צװישן די אַפּאָרטוניסטן פון אַלע אַנדערע לענדער. בערנשטײן האָט אָנגעשריבן א קריטיק קעגן פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם פון מאַרקסן און קעגן די גרונט-מאָמענטן פון דער עקאָנאָמישער מאַרקסיסטישער טעאָריע. (ער האָט אָפּגעלײקנט דעם מאָמענט פון פּראָדוקציע-קאָנצענטרירונג, אָפּגעלײקנט דאָס, װאָס די ראָלע פון דער קלײנװירטשאַפט װערט אַלץ קלענער, װאָס דער דאַלעס פון פּראָלעטאַריאַט האַלט אין אײן שטײגן, די אומפאַרמײדלעכקײט פון די אימפּעריאַליסטישע קריזיסן, די אומפאַרמײדלעכע מאַפּאָלע פון קאַפּיטאַליזם) די רעװיזיע פון מאַרקס אַפן טעאָרעטישן געביט בינדט זיך בײַ די בערנשטײניאַנער מיט זײערע קלײנבירגערלעכע, פּשאָרע-מאַכערישע אַנשױונגען אַפן געביט פון פּאָליטיק: זײ לײקנען אָפּ דעם רעװאָלוציאָנערן קלאַסן-קאַמף, זײ פּרעדיקן אַנשטאַט דעם די אידײע, אַז דורך פאַרכאַפּן די מערהײט אין פּאַרלאַמענט, דורך פאַבריק-געזעצגעבונג, דורך דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער אָרטיקער זעלבסט-פאַרװאַלטונג, קען דער פּראָלעטאַריאַט ביסלעכװײז אַף א פרידלעכן אױפן דערגרײכן דעם סאָציאַליזם. די רעפאָרם פאַרבײט בײַ זײ דעריבער די רעװאָלוציע. פונדאַנען נעמט זיך בערנשטײנס באַפליגלט װערטל: „די באַװעגונג איז אַלץ, דער ענדציל גאָרנישט".

אין צװײטן אינטערנאַציאָנאַל זײַנען די רעפאָרמיסטן פאָרמעל געװען אין דער מינדערהײט, נאָר פאַקטיש האָבן זײ אַלץ מער און מער אונטערגעװאָרפן אונטער זײער װירקונג. די מילכאָמע פון 18 — 1914 און די געשעענישן, װאָס זײַנען געקומען נאָכדעם, האָבן אַנטגילטיק איבערגעצויגן די געװעזענע קעגנער פון רעפאָרמיזם (קאַאוטסקי) אין אַלגעמײנעם לאַגער פון רעפאָרמיזם.

12) „די אָרדנטלעכע אױפגאַבן פון דער סאָװעטן-מאַכט". דערדאָזיקער אַרטיקל איז אָנגעשריבן געװאָרן אין מאַרט — אַפּריל פון 1918-טן יאָר נאָכן שליסן דעם ברעסטער שלאָם מיט דײטשלאַנד. די ערשטע כװאַליע פון דער קאָנטררעװאָלוציע איז געװען אָפּגעשטױסן, דער אָנגריף פון די פאַרבינדעטע האָט זיך נאָך ניט אָנגעהױבן און אין טאָג-אָרדנונג זײַנען אַף א קורצער צײַט געשטאַנען אָרגאַניזאַציאָנעל-װירטשאַפטלעכע פראַגן, װעלכע װערן פאָרמולירט אין דערדאָזיקער אַרבעט. אין גאַנצן זײַנען „די אָרדנטלעכע אױפגאַבן" אַרױסגעגעבן אין 7-טער אױסגאַבע פון דער „לענינישער ביבליאָטעק".

13). „דער קאָמפּראָמיס באַשטייט“. די פּאַרטיי[illegible] פון בירגער־קריג אין 1919—1920, וועלכע האָבן אַרויסגערופן דעם שאַרפן דערנערונג־קריזיס, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעמערקט אין אַפּריל 1918, האָט געצוואונגען דער סאָוועטנמאַכט אין מאַרט 1919 אָפּזאָגן זיך פון דידאָזיקע האַנאָבעם די אַלטע קאָאָפּעראַציע. דער אָפּזאָג פון פּרינציפּ פון אַ [illegible] אַריינטרייט אין קאָאָפּעראַציע איז פאַרווירקלעכט געוואָרן ערשט אין די באַדינגונגען פון נעפּ, מיטן דעקרעט וועגן דער פרייוויליקער מיטגלידער־שאַפט.

14). „די הערן ווילסאָן און קאָמפּ. גיינדן אָן זייערע אָפּמאַכן די באַזיגטע פעלקער“... ווילסאָן — איז דער געוועזענער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז געשטאָרבן אין 1924־טן יאָר. אין דער צייט, וואָס ער איז געווען פּרעזידענט, איז אַמעריקע אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה. ווילסאָן האָט אָנגעהויבן די שלום־אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד. דעם 28 יוני 1918־טן יאָר האָבן די קריגפירנדיקע מלוכות אונטערגעשריבן אין ווערסאַל (לעבן פּאַריז) אַ שלום־אָפּמאַך, וואָס האָט רויניערט דייטשלאַנד.

15). קלעמאַנסאָ — איינער פון די פירער פון פראַנצייזיש אימפּעריאַליזם, אַ ביטערער פיינט פון סאָוועטנרוסלאַנד. אַ געוויסע צייט געווען פראַנצויזישער פּרעמיער.

16). שיידעמאַן — אַ דייטשישער ס. ד. פון אָנהייב מלחמה אַ סאָציאַל־פּאַטריאָט. אין דער צייט פון דער נאָיאַבר רעוואָלוציע פון 1918־טן יאָר האָט ער געפּרוווט ראַטעווען די מאָנאַרכיע. נאָך איר מאַפּאָלע איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג, און האָט ווי אַזעלכער געפירט אַ העפטיקן קאַמף מיט די קאָמוניסטן.

17) מאַקלין — מיטגליד פון דער בריטישער קאָמפּאַרטיי. אין דער צייט פון דער מלחמה פאַר אינטערנאַציאָנאַלער אַגיטאַציע איז ער געווען פאַרמישפּעט צו טפיסע. געשטאָרבן אין 1924־טן יאָר.

18). האַזע — איינער פון די פירער פון די דייטשישע ס.־ד. אין דער צייט פון קריג האָט ער פאַרנומען אַ מיטעלע וואַקלדיקע פּאָזיציע. אין 1916־טן יאָר איז ער אַרויס פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די אומאָפּהענגיקע. אין 19־טן יאָר געהאַרגעט געוואָרן פון אַ דייטשישן פאַשיסטישן אָפיצער.

19). קאָלופּאַיעווס, ראַזוואַיעווס. דידאָזיקע נעמען זיינען גענומען פון סאַלטיקאָוו־טשעדרינס טיפּן, בא אים זיינען עס געווען די פאָרשטייער פון דער נייער בורזשואַזיע, וואָס האָט דעמאָלט זיך ערשט גענומען אויספּיקן אין רוסלאַנד (באַלעגופים, דאָרפישע סאָברים, שענקער א.א.וו.).